# דער יוד

**אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:**
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען
האלביאהריג —.6 "
פירטעליאהריג —.3 "
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 "
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.


DER JUDE

צייטשריפט
## פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואך.
פערלאג: חברה „אחיאסף".


**דער פרייז פיר רוסלאנד:**
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 "
פיערטעל יאהרליך 1.50 "
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 "
דע 1טען אוינוסט — 1 "
איינצעלנע נומערן 15 קאפ.—30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ.


קראקויא, תמוז תרס"א. נומר 25. Krakau, 21 Juni 1901.


## אינהאלט.


א) וואס האבען ציוניסטען צו טהון. ר.
ב) די פעסט. ד"ר מ. נאטטליעב.
ג) מען שרייבט אונז.
ד) צייטונגען פון דער וואך.
ה) די יודישע וועלט.
ו) אלגעמיינע וועלט נייעס.
ז) הערבסט-מאטיוו. געדיכט. מ. וואלט.
ח) דריי חופות. סקיצע. ל. פרץ.
ט) דרייפוסעס שריפטען. N. N.
י) גאנץ בערדיטשעוו. פעלעטאן. שלום עליכם.


**ה. תרס"א — וואכען-קאלענדער (לוח) — 1901**

| די טעג פון חודש | די טעג פון וואך | תמוז, טשערוויעץ-יוני | | נייער ס. יוני | אלט. ס. יוני |
|---|---|---|---|---|---|
| ו' | זונטאג | | | 23 | 10 |
| ז' | מאנטאג | | | 24 | 11 |
| ח' | דינסטאג | | | 25 | 12 |
| ט' | מיטוואך | | | 26 | 13 |
| י' | דאנערס. | | | 27 | 14 |
| י"א | פרייטאג | | | 28 | 15 |
| י"ב | שבת | פרשת קרח. | | 29 | 16 |

**קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע.**

| טאג | יאהר | |
|---|---|---|
| ז | ד. תתנ"ו | האבען די I קרייצפאהרער געהרג'ט די יודען אין קעלן. |
| ח | " | " " " געהרג'ט יודען אין קעמפען. |
| ט | ג. של"ח | האט נבוכדנצר איינגענומען ירושלים. |
| ב | ד. תתנ"ו | האבען די קרייצפאהרער געהרג'ט יודען אין געלדערן. |
| " | ה. ד. | האבען לודוויג IX פון פראנקרייך און פאפסט געארג IX געלאזט פערברענען 24 וואגען יודישע ספרים. |
| ט יא | ה. כ"ט | האט לודוויג IX גוזר געווען יודען זאלען טראגען דעם געלעבען פלעק אויף די קליידער. |
| " | ה. תכ"ט | האט קיסר לעאפאלד געהייסען פערטרייבען יודען פון עסטרייך. |
| יב | התרל"ט | אויף דעם בערלינער קאנגרעס האט מען די יודען פון באלקאן-לענדער געגעבען בירגערעכטע. |


## צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE", Krakau, Gertrudy 16.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf", Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין וויען:
E. Torczyner, Wien II. Krumbaumg. I.

אין לאדז: ביי אונזערעם פערטרעטער:
S. Hochberg, Lodż, Cegielnianastr. 36.

דער "יוד" איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער: 1920 a Nachtrag VII.

Печатается и вскорѣ выйдетъ:

## ЧАРТЕРЪ

историко-сравнительное изслѣдованіе

Г. А. БѢЛКОВСКАГО.

Товарищество „АХІАСАФЪ", Варшава.

---

# השלח

מכתב-עתי חדשי למדע, לספרות ולעניני החיים.

המו"ל: חברת „אחיאסף". העורך: אשר גינצברג.

## שנה רביעית

### יצאה לאור החוברת החמשית

וזה תכן עניניה:


א) הטוב והרע (המשך.) הלל ציטלין.
ב) קהלת אנקונא. אברהם כהנא.
ג) על ידי שליח (ציור). א. ז. ראבינאוויטש.
ד) גבולות הציונית. יוסף קלוזנר.
ה) רבי קלונימוס בן קלונימוס. ד"ר יוסף בן שלמה חוצנר.
ו) עדן נעלם (שיר). י"ל ברוכוביץ.
ז) הפלוסופיה הדתית (בקורת, המשך). ד"ר ד. ניימרק.
ח) מארץ ישראל (ז). מד"ר.
ט) היהודים והיהדות באמיריקה (ה). מרדכי זאב רייזין.
י) מכתבים מרוסיא (ג). אבא.
יא) הודעת המלאכות ד"ר י. טשלענאוו.
יב) השקפה כללית. (XIII). עברי.
יג) רועים ועדריהם (ד). מ. חשמונאי.
יד) ידיעות ספרותיות.


מחיר החתימה לשנה: ברוסיה 6 רו"כ, באוסטריה-הונגריה 16 קראנען באשכנז 13 מארק, בשאר ארצות 17 פראנק, בארץ-ישראל 15 פראנק.

לחצי שנה: חצי המחיר הנ"ל.

להחותמים על „השלח" ו„הדור" ביחד יוזל המחיר בשני רו"כ, וישלמו לשנה 10 רו"כ, לחצי שנה 5 רו"כ, לרבע 2.50 רו"כ.

כתבת השלח:

Издательство „АХІАСАФЪ" Варшава.

---

יצא לאור מחדש

## סביב הארץ בשמונים יום

ספור נחמד

מאת זול ב־ירון (Jule Verne)

סגנון הסופר זול ב־ירון כבר נודע לרבים, כי מלמד הוא פרקים שלמים בחכמת הטבע בארח ספור נעים. הס' הזה כולל ספור מסע סביב הארץ בשמונים יום, ונעתק עברית צחה בידי סופר מצוין.

מחירו 40 קאפ. עם פארטא 50 קאפ.

נמצא למכירה בבית מסחר הספרים של חברת אחיאסף, ווארשא

Издательство „Ахіасафъ" Варшава.

---

# ספורי מענדעלי מוכר ספרים

יצאו לאור

בהוצאה חדשה, מוגהים ומתוקנים בידי המחבר.

א) בסתר רעם. ב) לא נחת ביעקב. ג) שם ויפת בעגלה. ד) בימי־הרעש. ה) בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה. ו) הנשרפים. ז) בימים ההם.

מחיר הספר (עמודים VIII+222) א' ירו"כ, בנ"נ 1.17 רו"כ.

כתובת המו"ל:

I. X. Равницкому, Одесса. | J. Ch. Rawnizky, Odessa.

---

## נייעס!! נייעס!!



ברוכבענדער ע׳ עקטרא־גאל־וואנישע היילען גרינדליך נאך קורצען געברויך, ווי עס איז איבער־צייגט געוואָרען, אז נאך 3 מאָנאט־ליכען טראגען, ווירד דער ברוך פאָללשטענדיג אויסגעהיילט. פרייז פאָן איינער זייטע 6 רובל, צווייזייטיג 10 רובל. בויכבינדען פיר פרויען, עלאסטישע זאקען פיר געשוואָלענע פיס, אונד פערשיע־דענע אנדערע כירורגישע ארטיק־לען — צו בעקומען נור ביים אפטישען-כירורגישען געשעפט אונ־טער דער פירמא: אלעקסאנדער סענאטאָרסקא 22 ווארשוי.

אדרעססע:

„АЛЕКСАНДРЪ"
Сенаторская ул. № 22,
Варшава.

דא עס האט זיך געצייגט דאס מען מאכט נאך דיעזע ברוכבענדער ביטען מיר אויפמערק־זאם צו זיין אויף די אריגינעלע ז׳טי׳ן סטעמפעל פאָן אונזער פירמע.

III. Jahrgang. DER JUDE. Nr. 25

דער פרייז פֿיר רוסלאנד:
גאנץ-יאָהרליך — 5.- רוביל.
האלב-יאָהרליך — 3.- רוביל.
פירטעל-יאָהרליך 1,50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — 1 "
ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואָך.
פערלאג: חברת „אחיאסף".

אבאנאמענטס פרייז יאָהרליך:
אסטרייך-אונגארן — 12.- קראָנען.
האלביאָהריג — 6.- "
פירטעליאָהריג — 3.- "
דייטשלאנד — 10.- מארק.
ארץ ישראל — 12.- פראנק.
אנדערע לענדער — 15.- "
אמעריקא, ענגלאנד — 10.- שילינג.
פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.
Erscheint Donnerstag.

Krakau, 20 Juni 1901. נומר 25. קראָקויא, תמוז תרס"א.

## וואס האבען ציוניסטען צו טהון?

ס'איז נישטאָ קיין אַרבייט, נישטאָ וואָס צו טהון; נאָך אַמאָל ש.קל-געלד און ווידער אַמאָל אַקציען, און אויב נישט דאס, קומט אויס דעם ציוניסט זיצען פערלעגט די הענד!"

אַזוינע הארבע טַעֲנוֹת קען מען די לעצטע צייט אָפט הערען פון אונזערע ציוניסטען, פערשטעהט זיך, אַז נור פון אַזעלכע וואָס פיהלען אַז מע דאַרף עפּיס יאָ טהון, וואָס ווייסען אַז נור מיט „רעדעס" אַליין, זיי מעגען זיין ווי ש ע ן, און מיט הוילע „דעבאַטען", זיי מעגען זיין ווי ה י י ס, איז מען נאָך נישט יוצא אין גאַנצען...

נאָר אויף אַ שטיקיל צייט, ווען עס קומט פאַר אַ נייעם קאָנגרעס, ווערט אַביסיל אויפגעריהרט, אויפגעפרישט אונזער ציוניסטיש וועלטיל. מע הערט דאַמאָלס ווייטער ווי דער דֹפק קלאַפּט שטאַרקער: מע קלויבט דעלעגאַטען, מע קלויבט געלד אויף הוצאות, מע זאַמעלט זיך צונויף אויף „ראַיאָן-סיעזדען", מע אַרבייט-אויס אויספיהרליכע פונקטען, פראָ-גראַמעס — הַכְּלָל מען זעהט ווידער סִימָנִים פון לעבען. און דערנאָך, נאָכ'ן קאָנגרעס, געדויערט נאָך אויף אַ קליין שטיקיל צייט דאס אויפ-לעבען פון אונזערע ציוניסטען: עס קומען צוריק די דעלעגאַטען און גיבען אָב דִין וְחֶשְׁבּוֹן פון דעם וואָס האָט זיך אין עטליכע טעג איבערגעטהון דאָרט, אין באַזעל אָדער אין לאָנדאָן. און נאָכדעם אויס אַרבייט, אויס לעבען — ביז מע נעהמט זיך ווייטער צו אַ נייעם קאָנגרעס.

אַזוי זעהען מיר ביי אונז די לעצטע פאָר יאָהר כּמעט אין אַלע שטעדט און שטעדטליך.

איז בּאֱמת טאַקי גאָר נישטא פאָר ציוניסטען קיין אַרבייט אַ גאַנץ יאָהר? בלייבט דען באמת נישט מעהר איבער ווי אויפמונטערען זיך נור פאָר אַ קאָנגרעס און בעשעפטיגען זיך פריהער אַביסיל מיט הכנות צו איהם, און דערנאָך אַביסיל מיט אַ רעפעראַט איבער איהם — און גענוג, מעהר האָט מען נישט וואָס צו טהון?

אויב דער גאַנצער .עִיקָר פון ציוניזם בעשטעהט נור אין אַ שקל מיט אַ אַקציע, איז געווים נישטאָ וואָס צו רעדען: נאָך אַ קאָנגרעס זאָגט זיך אָב דער ציוניסט אין קורצען זיינע „יוצרות" פון „פָּרָשַׁת שְׁקָלִים", און דערנאָך געהט אַ לאַנגע „הַפְסָקָה", נישט אויף איין שבת, נאָר אויף גאַנצע חֳדָשִׁים...

נאָר אויב די אַקציען און שקלים איז נור איינע פון די מיטלען, וואָס דאַרפען פיהרען צום צוועק, אויב דער אֱמת'ער פּירוש פון ציוניזם איז א ו י פ ל ע ב ע ן דאס יודישע פאָלק צו אַ נייעם, פרישען און גע-זונדען לעבען — וויפיעל. אַרבייט איז אויף אַזאַ אופן דאָ פאָר יעדען ציוניסט, אין יעדען אָרט, אין יעדער צייט!

אמת, גאָר אין דער ערשטער צייט, ווען דער נייער ציוניזם האָט זיך נור-וואָס אָנגעהויבען צו בעווייזען, האָבען זיך געפונען פיעל ציוניס-טען, וואָס האָבען אַזוי ווייט פערשפרייט די ברייטע פליגעל פון זייער פאַנטאַזיע, אַז זיי האָבען זיך אויסגעמאָלט, דאָס די זאַך טהוט זיך נאָך גיכער ווי עס רעדט זיך, און די גאַנצע יְשׁוּעָה קומט-אָן מיט אַמאָל, טאַקי כְּהֶרֶף עַיִן. פערשטעהט זיך, אַז אַזוי טראַכטענדיג האָט מען נישט וואָס צו טהון, אָבגעבען זיך מיט אַזוינע מִינֵי זאַכען, וואָס די נוטצען זייערע, און דאס אויך אֶפְשַׁר נישט אין קיין גרויסע מאָסען, קענען זיך ארויסווייזען ערשט העט-ווייט, אין אַ צייט אַרום. איצט אָבער וועט איהר געפינען זעהר ווינציג אַזעלכע ציוניסטען, וואָס זאָלען זיין אַזוי גענאַרט און מיינען, אַז דער ציוניזם וועט קומען צו זיין צוועק גיך און געשווינד, ווי מע זאָגט, אין איין „שְׁמַע יִשְׂרָאֵל"; איצט ווייסען און פערשטעהען כּמעט אַלע, אַז דאָס איז אַ שווערע אַרבייט אויף יאָהרען-לאַנג, אויף פיעל דורות. דערוייל מוז מען זעהן טהון, אַרבייטען ערנסט און פלייסיג, און נישט האַלטען פאַר גרינג קיין זאַך, וואָס קען פיהרען, עס מעג זיין מיט וואָס פאַר אַ לאַנגען וועג, צום גרויסען תכלית פון אויפלעבען אונ-זער פאָלק.

און נאָך דעם אַלעמען הערט מען טענות, אַז ס'איז גאָר נישטאָ וואָס צו טהון!

קלינגען נישט אַזעלכע טענות ווי עפּיס אַ ביטערע און שטעכענ-דיגע איראָניע אויף אונזער שרעקליך שוואַכקייט, אויף אונזער אונמאַכט?

ניין, נישט אַרבייט פעהלט אונז, הַמְלָאכָה מְרוּבָּה — אַרבייט איז בָּרוּךְ הַשֵּׁם דאָ גענוג, זעהר גענוג. דאס אומגליק איז נור וואָס „הַפּוֹעֲלִים עֲצֵלִים", די אַרבייטער זענען פויל, עס פעהלט אונז אַרבייטער, ערנסטע און פלייסיגע אַרבייטער, וואָס זענען גרייט אַוועקלעגען כוחות, נישט נור מיט ווערטער, פאַר אונזער פאָלקסזאַך. וואו מע קעהרט זיך, טהוט וועה דאס האַרץ, וואו מע גיט אַ קוק, ווערט פינסטער אין די אויגען צו זעהן אונזער שרעקליך אָרימקייט אין מענשען, אין אַרבייטער.

וויפיעל אַרבייט, אַ שטיינער, קען געבען אין יעדער שטאָדט פאָר די ציוניסטען נור דאָס אויסבעסערען פונ'ם יודישען חינוך אַליין! זיך אָבגעבען ערנסט און געטריי מיט דער ערציהונג פון יודישע קינדער —

דארף מען אסך ראיות צו בעווייזען און אויסדרינגען ווי ווייט אזא ארבייט איז נייטהיג און וויכטיג פאר'ן אויפלעבען פון אונזער פאלק?

היינט לאמיר זעהן ווי האלט עס די זאך מיט א וויכטיגסטען טהייל פון אונזער יודישען חינוך, מיט אונזערע חֲדָרִים.

---

וואס איז אזוינס א יודישער חדר — ווער פון אונז ווייסט עס נישט זעהר גוט? דער וואס האט אליין נישט איבערגעלעבט קינדרוייס דעם חדר, האט ער געהערט דערצעהלען אדער געלעזען בעשרייבונגען פון עכטע יודישע חדרים מיט זייער גאנצען פראכט און גלאנץ: א חדר דאס איז א ענגער, פינסטערער קֶבֶר, וואו צעהנדלינגער יונגע נְפָשׁוֹת ווערען דערקוועטשט און דערשטיקט אין שרעקליך בלאטיגע, פער־עִיפּוּשׁטע ד' אַמות. און דער רַבִּי? מעהרסטענטהייל, א מין „לא יִצְלַח", וואס טויג נישט צו קיין זאך אין דער וועלט, מעהר נישט נור צו „אר־בייטען" מיט'ן קאנטשיק און א ר י י נ ש ל א ג ע ן די זיסע, ליכטיגע תּוֹרָה זיינע אין די ארימע, אונשולדיגע נְפָשׁוֹת.

איז אפשר דאס אלעס געווען נור אמאל, אין די פריהערדיגע יאהרען, און היינטיגע צייט איז פיעל בעסער? ניין! פערקעהרט, אין פיעל פאכען, מעג מען זאגען, געהט עס איצט נאך פיעל ערגער ווי אמאל. פון דער צייט אן, וואס ס'איז געווארען ביי אונז אין רוסלאנד „הֶפְקֵר די וועלט" און „הַכֹּל שׁוֹחֲטִין", אלע מעגען זיין מְלַמְּדִים, ווער עס האט נור חשק דערצו — איז די זאך געווארען נאך ערגער, נאך שרעק־ליכער ווי פריהער. א ליאד א גאר־נישט, א גראבער נפש, וואס א „בע־העלפער צו זיין וואלט אויך ביי איהם געדארפט זיין צופיעל כָּבוד, ווערט זיך א מלמד אליין פאר זיך און מאכט זיך א אייגענעם חדר און האדיוועט יודישע קינדער מיט זיין פעטער תורה.

דארף מען האבען פאר ציוניסטען, פאר פאלקספריינד, וואס ווילען טאקי באמת נוטצליך זיין זייער פאלק א בעסערע ארבייט ווי אויסלעזען יודישע קינדער פון פינסטערען גלות, פון די שענע חדרים, אויסלעזען זיי פון „גויעשע" הענד, פון די טייערע מלמדים, וואס מאכען א תל פון דעם יונגען גוף מיט דער יונגער נשמה צוזאמען?

די אלע ציוניסטען, וואס קלאגען זיך, אז ס'איז פאר זיי קיין אר־בייט נישטא, אז זיי מוזען זיצען פערלעגט די הענד, ווייל זיי האבען נישט צו וואס זיך צו נעהמען, וואס צו טהון — אויב זיי ווילען טאקי באמת טהון, נישט נור מיט ווערטער אליין יוצא זיין, אט האבען זיי פאר זיך אזא גרויס און ברייט פעלד צו זייען דארט גוטע זאמען, א פעלד וואס פאדערט נאך אזוי פיעל ארבייטער, איבערגעגעבענע און געטרייע ארבייטער.

האלטען זיי אפשר אזא מין ארבייט פאר צו גרינג, צו קליין פאר זיך, אז ס'איז גאר נישט כדאי פאר ציוניסטען זיך אבצוגעבען מיט דעם? אדער אפשר נאך מעהר, „עס געפעלט זיי נישט דער שׁוּרוּק" גאר אין גאנצען און זיי רעכנען, אז מע טאר גאר נישט היינטיגע צייטען זיך פער־נעהמען מיט אלטמאדישע חדרים?

---

# פֶעלעטאָן.

## גַאנְץ בֶּערְדִיטְשֶׁעוו.

(אַ ריכטיג בעשרייבונג פון דער שטאדט בערדיטשעוו מיט אַלע איהרע אַנטיקליך).

ארויסגעגעבען פון

### שלום־עליכם.

---

### דאס זעכסטע קאפיטעל
### בערדיטשעווער שְׂרֵפוֹת.

געלינען אויף דער סטאנציע אין „האטעל טערקאליע" האב איך א גאנצע נאכט געהאט מִלְחָמָה מיט די וואנצען, וואס האבען מיך בעפאלען, זיך נוֹקֵם געווען אן מיר, דערפאר וואס איך האב ניט געוואלט זיך לייגען מיט זיי אין בעט און האב זיך אויסגעבעט אויף דער קאנאפע.

— וואס האסט דו געפועלט? - האבען זיי זיך מיט מיר גערייצט — אי מיר ווילען דיך בייסען אי עס וועט דיר זיין הארט צוקאפענס, וועסט אויפשטעהן פון דער קאנאפע אהן א האלז און אקען...

פלוצים דערהער איך א משונה מאדנע קלונג: באם! באם!! באם!!! און תיכף נאך דעם לאזט זיך הערען א לויפעריי פון מענשען מיט א קול: „עס נעצט! עס נעצט!"... איך שטעה אויף און געה צו צום פענסטער: איין האלבער הימעל איז רויט ווי א פייער; די אנדערע האלבע איז חשך! איין האלבע שטאדט איז משונה מאדנע בעלייכט, די אנדערע האלבע שטאדט איז פערזונקען אין א מורא'דיג פינסטערניש. איך חאפ אויף זיך דאס אנטהון און לויף ארויס אין דרויסען ארויס. עס לאזט זיך הערען פון דער ווייטען א מאדנע געשריי, א הולך אהן ווערטער, און מענשען ציהען זיך אהינצו שלעפעריג, געהן און גענעצען און ציטערען פאר קעלט, און דערצעהלען איינס דעם אנדערען נִסִּים וְנִפְלָאוֹת, ווער עס האט פריהער דערהערט און ווי אזוי ער האט דערהערט, און זענען זיך מְשַׁעֵר איטליכער בעזונדער, ווער דאס ברענט. דער זאגט: „ס'איז יוסיל", דער זאגט: „ס'איז משה", דער זאגט: „ס'איז ניט יוסיל און ניט משה, ס'איז נאר שרה זיסיל".

— ווי קומט אהער שרה זיסיל? — שפארט איהם איבער נאך איינער — אז שרה זיסיל'ס שטוב איז אויף דער יארדינע, און דאס איז גאר אויף דער אלטער שטאדט?

ס'איז אזוי אויף דער אלטער שטאדט, ווי איך בין א רַבִּיצִין! — ענטפערט איהם נאך איינער — זעהסט ניט אז ס'איז נעבען דער באד?

— שא, וואס דארפט איהר זיך שפארען? — גלייכט זיי אוים נאך איינער — אמעהר קומט אהין, ווילען מיר וויסען אקוראט.

זיי געהען און איך געה זיך נאך און הער מיך צו וואס מע רעדט.

— עמיצער האט שוין דא געמאכט „בּוֹרֵא מְאוֹרֵי הָאֵשׁ".

— וואס איז די רְאָיָה?

מחמת ס'איז געווען געסטראכירט.

— פון וואנען ווייסט דו?

וואס דען? ס'זאל ניט זיין געסטראכירט וואלט ניט געברענט. א שטוב ברענט ניט פון זיך אליין...

— וואס זאגסט דו, יענקיל, ווי שען עס ברענט. מְחַיֶּה נְפָשׁוֹת!

ווי א הַבְדָּלָה ברענט א שטיביל, ווארפט ארוים עטליכע שטארק רויטע צינגען, דער דאך איז שוין ניטא; עס קנאקען די קראקוועס, עס טרישטשען די פענסטער, און א געדיכטער רויך מיט שווארצע קנוילען קויקעלט זיך און ציהט זיך ווייט ווייט, איבער הייזער און הייזליך. עס הערט זיך א קול פון ווייבער, וואס בעקלאגען זיך אויף דעם שלאק וואס זיי האט געטראפען אין מיטען האלבע נאכט, און א געוויין פון קליינע נאקעטע קינדער, וואס ציטערען און ווארעמען זיך ביים פייער. דארט זיצט א גאנץ געזינדיל אויף איין איבערבעט מיט עטליכע קישענס, וואס זיי האָ־בען קוים ארויסגעראטעוועט פון דער שרפה. און דא שטעהט א יודינע א מְעוּבֶּרֶת'ע מיט א טעפיל אין האנד און מיט א פלעדערוויש און דערצעהלט דער אנדערער יודינע, ווי אזוי עס האט זיך אנגעהויבען.

— אנהויבען האט זיך עס אנגעהויבען, וועה איז מיר פון שמעון דעם סטאליר... מע איז נעגאנגען א פנים מיט א לעמפיל, ווייסט איז מיר,

וואָס מיינט איהר, עס מאַכט זיך אַמאָל צו הערען פֿון אונזער׳ע נייע ציוניסטען, אַזעלכע טענות אויך און ס׳איז כּדאי איבערדעם אַ פּאָר ווערטער צו רעדען.

די חדרים, טענה׳ען זיי, זענען גלות־שולען אַזוי ווי דער זשאַרגאָן איז אַ גלות־שפּראַך און מיר טאָרען זיך נישט פֿערנעהמען מיט קיין זאַך וואָס שמעקט מיט גלות.

נאָר, רבונו של עולם, ווי דאַרף מען זיין קורצזיכטיג און בעשרענקט, מע זאָל אַזוינס טראַכטען און אַרויסזאָגען! טאַקי דיזעלבע מעשה ווי מיט׳ן זשאַרגאָן: „ביי אַ אַנדער אומה — די אמת׳ע פֿאָלקספֿריינד, ווען זיי זאָלען האָבען פֿאַר זיך אַ מאַסע לעזער פֿונ׳ם פּראָסטען עולם, לעזער וואָס מע דאַרף זיי נישט צו־טרייבען, איינגעבען השק, וואָס ווילען אַליין לייענען מיט׳ן גאַנצען לעבען, און קענען טאַקי פֿערשטעהן עפּיס רעכטס אויך, נישט נור גלאַט אַזוי אַ „בּבא־מעשה״. וויפֿיעל לעבען, וויפֿיעל ליכטיגקייט און וואַרימקייט קען מען אויף אַזאַ אופֿן אַריינבריינגען אין די ענגע, פֿערשטיקטע און פֿערפֿינסטערטע ווינקעליך, אין די אָרימע, פֿערוויסטע און פֿערוואָגעלטע הערצער! און ביי אונז, ווען מיר האָבען יאָ בּיַד אַזוי פֿיעל נוטצען צו בריינגען פֿאַר אונזער המון דורך זיין פּראָסטע שפּראַך, טהוען מיר אין דעם גאָר ווינציג, כּמעט גאָר נישט, און עס געפֿינען זיך נאָך צווישען אונז אַסך איידעלע, „פּאַטריאָטישע״ נפשות, וואָס קענען דעם געדאַנק אַליין דערפֿון נישט איבערטראָגען, און ווילען גאָר נישט וויסען פֿון אַזאַ מין אַרבייט פֿאַר׳ן פֿאָלק אויף זשאַרגאָן, אויף זיין שפּראַך, און לעגען איין די וועלט און שרייען אויף קולות: פֿע, מיאוס־חלישות, זשאַרגאָן — „גלות־שפּראַך, געטהאָ־לשון״ א. ד. ג. קומען נישט אויס אַזעלכע טענות משונה ווילד?

דאָסזעלבע איז אויך מיט אונזערע חדרים. וויפֿיעל כּוחות דאַרפֿען אַוועקלעגען ביי די אומות־העולם זייערע בעסטע מענער, זיי זאָלען קענען ברענגען דעם פּראָסטען עולם צו אַזאַ מדרגה, ווי אונזער המון שטעהט, אָדער ריכטיגער, איז געשטאַנען ביז דער לעצטער צייט. מיר האָבען זיך אונזערע פֿאָלקס־שולען, אונזערע חדרים, וואו נאָר די אָרימסטע עלטערן שיקען זייערע קינדער לערנען. און מע דאַרף זיי, די עלטערן, נישט נייטהען דערצו, מע דאַרף חלילה נישט אַרויסגעבען קיין גזירות, כּדי צו מאַכען פֿאַר זיי די זאַך פֿאַר אַ חוב; פֿערקעהרט, זיי שלאָגען זיך אַליין דורך טהיר און דורך טויער אָבצוגעבען די קליינע קינדער זייערע אין אַ חדר, זיי ציהען פֿון זיך דאָס לעצטע ביסיל מאַרך פֿון די אויסגעטריקענטע ביינער צו צאָהלען שכר־למוד דעם אָרימען רבּי׳ן. נאָר אונזערע קליינע אָרימע „בעלי־בּתּים״ טאָרען נישט זיין קיין גרויסע „איבערקלייבער״, זיי האָבען קיין אַנדער בּרירה נישט, זיי מוזען נעביך זוכען וואָס וואָלוועלער און אָבגעבען די קינדער אין די ערגסטע חדרים; און ווען אַפֿילו זיי זאָלען יאָ קענען איבערקלייבען, האָבען זיי גאָר קיין צייט נישט דערצו, און פֿערשטעהען טאַקי נישט וואָס צו קלויבען. היינט קען נאָך זיין מעהר ניטצליכע און נייטהיגע, מעהר הייליגע אַרבייט פֿאַר אונזערע אמת׳ע פֿאָלקספֿריינד ווי קומען צו הילף אונזער אָרים פֿאָלק אין אַזאַ זאַך, וואָס אין דעם הענגט דאָס גאַנצע לעבען, די נשמה פֿון זיינע קינדער, פֿון די שפּעטערדיגע דורות?

---

ביי נאַכט... סטרושקעס איז פֿאַראַן אַ סך, פֿינסטער איז מיר, און אפשר אַ שוועבעלע, אָדער אַ פּאַפּיראָס, און אפשר האָט דאָס דער בעל הבית אַליין, גדליה מיין איך, געטהון, ווייס איך נים; איך בין דערביי נים געווען... נאָר דערווייל זענען נעביך, אוי איז מיר, אָרימע לייט בּדול־הדל געוואָרען, אַרויס אַזוי ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט, ווערה איז מיר... פֿרעגט מיך בחרם וואָס טראָג איך עפּיס אַ טעפּיל מיט אַ פֿלעדערוויש, ווייס איך אַליין נים...

— אוי איין אומגליק!? אוי אַ שלאַאַק!? וויינט אַ ווייביל מיט אַ נגון פֿון אַקדמות און ברעכט די הענד — וואָס וועל איך איצטער טהון, נישט אַרויסגעראַטעוועט אפילו קיין פֿאָ־דעעם, וואו וועל איך נעמען אַ טאָג איבערצוקומע־ען? וואו וועל איך מיך אַהינטהון מיט מיינע קליינע קינדער???.....

ווי שדים, ווי רוחות לויפֿען אַרוים און אַריין יונגעלייט פֿונ׳ם נעברענטען שטיביל, שפּרונגען אין פֿייער אַריין, ראַטעווען וואָס זיי קענען, חאַפּען אַרויס פֿון דאָרטען דער אַ פּיסיל פֿון אַ ביינקיל, דער אַ אומרוה פֿון אַ זייגער, דער אַ בעזעם.

— וואו איז ערגיץ אֶלי מיט דער קישקע? — שרייט איינער פֿון דער חברה לעשערם און קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען.

— איך בין דאָ, איך בין דאָ! — רופֿט זיך אָן אֶלי אַ קליין יודיל און באַבערט זיך ביי דער קישקע.

— וואָס טהוסטו דאָרטען? וואָס באַבערסטו זיך אַזוי לאַנג?

— איך פֿערניי די קישקע. זי האָט זיך צעטרענט! — זאָגט אֶלי.

— וואו איז ערגיץ פֿישיל מיט די עמער? — שרייט איינער אַ שוואַרצער יוד מיט אַ צופֿליקטען טלית־קטן, מיט אַ פֿערראַיכערט פּנים און מיט אַ הייזעריג קול.

— פֿישיל מיט די עמער!! — העלפֿט איהם שרייען נאָך איינער.

— פֿישיל! פֿישיל!!! העלפֿען איהם שרייען אַלע איבעריגע.

— וואָס פֿישילט איהר? — רופֿט זיך אָן איינער, אַפֿנים פֿישיל אַליין טאַקי — זעה נאָר ווי זיי האָבען זיך דאָס אַביסיל צופֿישעלט! פֿישיל־פֿישיל! פֿישיל־פֿישיל!

— וואו זענען די עמער דיינע? — פֿרעגט מען איהם.

— די עמער זענען דאָ — זאָגט פֿישיל — נאָר וואָס וועט איהר מאַכען מיט זיי, אַז ס׳איז נאָך נישטאָ גרונם מיט׳ן פֿעסיל?

— טאָמיר וואָלסטו דו זיך מטריח געווען, פֿישיל, דערווייל חאַפּען ערגיץ אַ פּאָר עמער וואַסער צווישען די שכנים?

— וואָס איז עפּיס איך? — זאָגט פֿישיל — לאָז געהן אֶלי!

— אֶלי! חאַפּ איין עמער און טהו אַ שפּרונג נאָך וואַסער.

— ווי קען איך? זעהסט דאָך אַז איך בין פֿערנומען מיט דער קישקע, לאָז געהן מאָטיל.

— מאָטיל! געה קרוג ערגיץ איין עמער וואַסער.

— וואָהין זאָל איך געהן, אַז איך קען דאָ קיינעם נים?

— לאָז געהן אַנשיל! אַנשיל! אַנו טהו נאָר אַ לאָף נאָך וואַסער.

— איך? איך ווייס ניט וואו אַ טהיר עפֿענט זיך אפילו!

— לאָז געהן דוד! שאַ, שאַ! אָן פֿאָהרט גרונם מיט׳ן פֿעסיל! ער פֿאָהרט! ער פֿאָהרט! — און אַלע טהוען זיך אַ וואָרף צו גרונם׳ן נאָך וואַסער, און פֿריהער פֿון אַלעמען אֶלי מיט דער קישקע.

גרונם, אַ יוד מיט אַ גלאַנצענדיג פּנים וואָס סע שיילט זיך, געהט זיך גאַנץ רוהיג, נישט געחאַפּט, די פּאָלעס אונטערגעשטעקט אַרונטער, און נאָך איהם שלעפּט זיך נאָך איין איינגעדאַרט פֿערדיל, קוים וואָס סע שלעפּט די פֿיס פֿון דער בלאָטע. ביידע, אי גרונם, אי דאָס פֿערדיל לְהבדיל, זענען שטאַרק פֿערשלאָפֿען.

— ברוך־הבא אַ יוד! און מיר האָבען געמיינט אַז איהר וועט שוין היינט ניט זיין חלילה.

— אַ שענע מעשה נאָר אַ קורצע! — זאָגט גרונם — ווער דען וועט זיין אַז ניט איך? וואָס בין איך, עפּיס אַ יונגעלי? איך האָב דערהערט דעם ערשטען קלונג בין איך שוין געווען ביים פֿערדיל. מיין אַלטע האָט מיך אפילו געוואָלט אָבהאַלטען: וואָס וועסט דו זיך שלעפּען, זאָגט זי, אין אַזאַ בלאָטע? אַ רחמנות נעביך, זאָגט זי, אויפֿ׳ן פֿערדיל, ס׳איז אויסגעמוטשעט פֿונ׳ם טאָג... נאָר ווער האָרכט זי ווער? איך האָב ליעב אַ מצוה, ובפרט נאָך דאָרט וואו עס געהט אין דעם נפש, אָרימע לייט נעביך ברענען! אַ קלייניגקייט?

מיט וואָס קענען די ציוניסטען העלפען אין דער זאַך? וואָס האָבען זיי צו טהון?

זיי קענען געווים פיעל טהון, אַ סך, אַ סך קענען זיי העלפען דערצו אין יעדער שטאָדט, ווען זיי זאלען זיך נור נעהמען ערנסט, ווי די זאַך פאָדערט, צו דער "חדרים־פראַגע" און וועלען באמת, נישט נור מיט הוילע ווערטער, אריינטראָגען וואס מעהר לעבען און ליכטיגקייט אין די טויט־פינסטערע ווינקעליך.

נישט מיט'ן גרינדען אין אַ שטאָדט איין "מוסטער־חדר", ער מעג זיין ווי אויסגעצייכענט גוט, האָבען שוין די ציוניסטען אָבגעטהון אין גאַנצען זייער זאַך, "גע'פטר'ט אַ חוב" און מעהר האבען זיי נישט וואס צו מאכען. מע דאַרף וויסען אַ שטענדיגען כּלל, אז ווען "חבֿרה" עפענט אַ חדר אויף אייגענע מיטעל, קאָסט עס אַלע מאל טייערער און נעהמט־צו פיעל כּוחות, אַזוי אַז פון צו גרינדען נאָך אַזאַ חדר אין דערזעלבער שטאָדט קען מען שוין אַפילו נישט טראַכטען, און מעהרסטענטהייל שטעהט דער איינציגער "מוסטער־חדר", איבער פיעל סבּות וואָס נישט דאָ איז דאס אָרט אָרומרעדען דערפון, אויך גאר נישט פעסט. אויב עס ווערט גאָר אינגאַנצען נישט אבגעלאָזט, ווי מע קען ארויסזעהן אין כּמה מקומות...

פיעל מעהר נוטצען קענען ברענגען אונזערע ציוניסטען, ווען זיי נעהמען זיך צו דער זאַך נעשמאַק, מיט ליעבע און איבערגעבענהייט, נישט אויף צו גרינדען אליין אייגענע נייע חדרים, נאר צו שטיצען מאָראליש, און די ערשטע צייט וויפיעל מענליך אויך מאַטעריעליש, די דאַזיגע אלטע חדרים, וואס זענען אין פיעל פאַכען בעסער ווי די אַלע אנדערע, און פערשטעהט זיך אויך די נייע חדרים, וועלכע בעסערע מלמדים עפענען אליין אויף אייגענעם, נישט אויף קהל'ס חשבון.

נישט נעהמען די חדרים אין גאנצען "אין זייערע הענד" דאַרפען די ציוניסטען. זיי דאַרפען זיך נור גוט בעקענען פון נאָהענט מיט אלע חדרים, וואָס געפינען זיך אין זייער מקום, און פון די אלע זיך אָב־שטעלען, פערשטעהט זיך, אויף די בעסערע פון זיי, וועלכע קענען מיט אַ געוויסער שטיצונג נאָך מעהר פערבעסערט ווערען, אז זיי זאָלען בע־קומען ווי ווייט מעגליך אַ רעכטען פּנים. ווי אונזערע מלמדים זענען נישט שלעכט, קען מען נאך געפינען אין יעדער שטאָדט אַ טהייל, אמת נישט קיין גרויסען, פון זיי, וואָס זענען פיינער און לייטישער פון די איבעריגע און פערשטעהען מעהר צי ווענינער זייער פאַך. אַזעלכע מלמדים זענען געוועהנליך שוואַכער פון אַנדערע און ליידען מעהר, ווייל עס פעהלט זיי די געוויסע "כּלי־זין", מיט וועלכע די "חבֿרים" זייערע אַרבייטען מעשׂים און "נעהמען־איין די וועלט". אַט די שוואַכע דאַרף מען שטאַרקען און געבען שטיצע, זיי זאָלען זיך קענען שטעלען פעסט אויף די פיס. די שטיצע דאַרף זיין מעהר מאָראליש, מע זאָל זיי צור־געבען מוטה, מאַכען זיי אַ גוטען נאָמען אין שטאָדט צווישען "בעלי־בתים", כּדי עס זאל זיי גרינגער אָנקומען צו קריגען תּלמידים און זאלען נישט מוזען "בין־הזמנים" אויך געהן קלאַפּען אין די טהירען און רייסען ביי די פאָלעס, ווי אַנדערע טהוען; מע דאַרף זיי אויך געבען לכל־הפּחות די ערשטע צייט, ביז זיי וועלען קומען צו די רעכטע כּוחות, אַ קליינע

— לאַנג לעבען זאָלט איהר, רב גרונם! מיר געהען דאָ אוים פאַר אַביסיל וואַסער, ביי אַלע שכנים נישטאָ אַ לעק!

און די חבֿרה לעשערם טהוען זיך אַ לאָז מיט די ליידיגע עמער צום פעסיל און פריהער פון אַלע אַלי מיט דער קישקע. חבֿרה נעמען זיך אָנפּאָמפען וואַסער—עס פּאָמפּעט זיך ניט! מע וויל אָנצאַפּען אין די עמער אריין—עס צאַפּט זיך ניט!

— וואָס איז דאָס, רב גרונם? איהר זענט משוגע, צו חסו־דעה? איהר זענט געקומען מיט אַ ליידיג פעסיל!

— וואָס הייסט מיט אַ ליידיג פעסיל? זאָגט גרונם — אַ פול פעסיל ווי איין אויג, זאָגט איהר גאָר דאָס!

— נעהט זעהט, — רופט זיך אָן איינער — דאָס פעסיל איז ליי־דיג ווי אַ באַראַבאַן!

— וואָס הייסט ס'איז ליידיג? — זאָגט גרונם און בעטראַכט דאָס פעסיל, — עפּים רעדט איהר מיר פּדרוך, תּרגום־לשון! נאַ דיר גאָר ליי־דיג! לאָז מיינע שׂונאים זיין ליידיג אין בויך און אין די קישקעס!

און גרונם קלינגט מיט'ן פינגער אין פעסיל אריין, דרעהט זיך אַרום פון אַלע זייטען און דערזעהט אַז ס'איז אָהן אַ צאַפּען.

—יאָ, ווי איך בין אַ יוד, אַ ליידיג פעסיל!—און ער חאַפּט זיך ביים קאָפּ און הויבט אָן צו שעלטען מע ווייסט ניט וועמען.

— אַ חליֵרע! אַ מיתה־משונה! איין אויסלויפעניש! איין איינטרי־קעניש! איין איינשרימפּעניש! ווען האָט געקענט ארוים דער צאַפּען, איי־נעזונקען זאָל ער ווערען! און וואו איז ער אַהינגעקומען? אַ, ברענען זאָלסט דו, שלים־מזל, אויפ'ן פייער!

און גרונם לאָזט אוים זיין גאַנץ ביטער האַרץ צום פערדיל נעביך, דערלאַנגט דעם אַ רוק מיט'ן בייטש־שטעקיל אין זייט אריין. דאָס פערדיל טהוט אַ פינטיל מיט די אויגען, לאָזט אראָב די מאָרדע, קוקט אָן אַ זייט און טראַכט זיך: "פאַר וואָס קומט מיר אַשטייגער אָט דער זעץ? גלאַט געגומען און געבוכעט זיך! ס'איט ניט קיין קונץ נעמען אַ פערד, אַ שטומע־צונג, און שלאָגען איהם אומזיסט און אומנישט!"...

— האָב דיר אַכציג שוואַרצע פינסטערע וויסטע יאָהר! — זאָגט גרונם צו זיך אליין — איך זעה וואָס דאָס איז: איך נים און נים, און נים און נים!... אצונד פערשטעה איך שוין: דאָס פעסיל איז אפנים פון דער לכתּחילה געווען אָהן אַ צאַפּען? קומען זאָל אויף דיר אַ פאָהיבעל היינ־טיגע נאַכט, זאָלסט צופאַלען ווערען אויף שטיקליך, רבונו־של־עולם!

— וואַסער! וואַסער!—שרייען די וואָס ראַטעווען פון דער שׂרפה— גיכער! גיכער! טראָגט אַהער די עמער! דאָס וואַסער!

— וואָסערע עמער? וואָסער וואַסער?—ענפערען זיי די לעשערם— איהר זעהט דאָך אַז ס'איז נישטאָ קיין טראָפּען וואַסער!

— וואָס הייסט ס'איז נישטאָ קיין וואַסער?

— ניטאָ קיין וואַסער הייסט אַז ס'איז ניטאָ קיין וואַסער!

— וואו איז אַהינגעקומען דאָס וואַסער?

— אויסגעלאָפען ביי גרונס'ן דאָס גאַנצע פעסיל וואַסער!

— וואָס הייסט ס'איז אויסגעלאָפען דאָס גאַנצע פעסיל וואַסער?

— אָט דאָס הייסט ס'איז אויסגעלאָפען דאָס גאַנצע פעסיל וואַסער און נעה שריי חי־וקים!...

פלוצים לאָזט זיך הערען ווידער אַמאָל יענער מאָדנער קלונג: באָם! באָם!! באָם!!! און עס ווערט בעלייכט די אנדערע האַלבע שטאָדט.

— נאָך אַ שׂרפה! אויף דער נייער שטאָדט!! — שרייען עטליכע קולות מיט אַמאָל און דער גאַנצער עולם מיט דער חבֿרה לעשערם לאָזען זיך לויפען אויף דער נייער שטאָדט.

— צוויי שׂרפות אין איין נאַכט — זאָגט גרונם צו זיך אליין—בין איך שוין ניט מחויב! איך האָב אליין אַ ווייב און קינדער! קיין געצאָהלט דערפאַר נעם איך דאָך ניט; וויל איך—פיהר איך, וויל איך ניט — פיהר איך ניט! און דאָס פערדיל איז אויך נישט פון אייזען; אַ צער־בעלי־חיים; עס האָרעוועט זיך נעביך אָן געגנוג דורכ'ן טאָג, בעדאַרף עס נאָך אָרומ־שלעפען זיך גאַנצע נעכט! עס האָט מעהר ניט וואָס צו טהון!... מע וועט מיך ניט נויטען פון קהל!... לאָזען זיי זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואַנט!... קום, ברודער,— זאָגט ער צום פערדיל — לאָמער פאָהרען אהיים!

(פאָרטזעצונג קומט)



געלד־שטיצע, זיי זאָלען זיין אין שטאַנד צו דינגען שענערע חדרים, נישט קיין איינגע און פערשטיקטע, און בעקומען עפּיס לייטישע העלפער, נישט פון דער געוויסען סאָרט „בעהעלפער".

ס'איז אויך זעהר נייטהיג צונויפנעהמען די בעסערע מלמדים און בילדען פאַר זיי אין איינעם אַזעלכע „קורסען" נאָך אַ געוויסער פּראָגראַמע, וואָס פאַכמענער וועלען אויסארבייטען, כדי צו געבען זיי די מעגליכקייט, אז זיי זאָלען קענען אַליין מעהר גרינדליך די תּוֹרה, וואס זיי דאַרפען לערנען מיט יענעם און וויזען זיי אַ גלייכען דֶרֶך ווי אַזוי מע דאַרף לערנען מיט קליינע קינדער.

און לערנען מיין איך נישט דַוְקא „עִבְרִית־בְּעִבְרִית", ד. ה. בענוצען ביי'ם לערנען נור העברעאיש אליין און נישט רעדען אַ וואָרט אויף אַ אנדער לָשון. מען האָט נישט וואָס צו שמועסען, עברית־בעברית איז געוויס גוט, מיר טאָרען אבער נישט פאָדערען פון יעדען מלמד, וואס ווערט געשטיצט, אז ער זאל נעהמען באלד ארויסטרייבען פון חדר דעם אלטען זשאַרגאָן און לערנען נור נאָך דער נייערסטער שִיטָה, נישט אַנדערש. נישט־קשה, עס מאַכט נישט שטאַרק אויס אז ער וועט „איבערזעצען" אויף זשאַרגאָן, דער עיקר איז נור, ער זאָל פערשטעהן און וויסען וואס און ווען. אויף צו לערנען עברית־בעברית איז נישט יעדער מלמד, אפילו פון די בעסערע, שטאַרק מְסוּגָל, מע מוז האבען אַ בעזונדער פעהיגקייט דערצו און זיין גענִיט אין דעם ווי עס געהער צו זיין, אַז נישט — קומט עס אויס נור ווי „נאָכגעקרומט" און עס האט אַ פּנים פון אַ מין קאַריקאַטורע. אמת, איהר וועט געפינען היינטיגע צייטען נישט ווינציג, אַזעלכע מלמדים, וואָס כדי צו געפעלען דעם „נייעם" עולם, נעהמען זיי זיך נאַכטאַנצען דער „מאָדע" און פּריוועז זיך לערנען אויפ'ן נייעם „שניט", נאָך גאָר דער לעצטער „מעטאָדע"; עס וואָלט אָבער פיעל גלייכער געווען, אי פאַר זיי אליין אי פאַר די תלמידים זייערע, ווען זיי זאלען ווייטער טאָקי לערנען פּשוט אהן חָכְמוֹת, אָהן די אַלע נייע „קונצען"...

און אויב מיר וועלען פערלאַנגען פון די מלמדים, וועלכע מיר געפינען פאַר נייטהיג צו שטיצען, אַז זיי זאָלען דערפאַר „זיך ברעכען" און מאַכען אַלע נייע „שטיק", וועלען מיר זיי דערמיט נור אראַבשלאָגען פונ'ם גלייכען וועג און ברייגנען דערצו, אז דאס לערנען אין זייערע חדרים וועט בעקומען אַ מְשוּנֶה פָּנים פון אַ נאַרישער קאָמעדיע...

מע דאַרף נישט פערגעסען אַז מיר שמועסען דאָ נישט, אַזוי ווי מיר האבען שוין פריהער געזאָגט, פון שאַפען נייע „מוסטער־חדרים" אין יודישע שטעדט, נאָר פון שטיצען די אַלטע בעסערע חדרים, אָדער די דאָזיגע נייע חדרים, וואָס לייטישע מלמדים עפענען אַליין אויף זייער אייגענעם חֶשְבּוֹן, אָהן שום חֶבְרוֹת. און פון זיי טאָר מען נישט, און ס'איז טאַקי נישט נייטהיג, נאָר פערקעהרט אין געוויסע הינזיכט שטאַרק שעדליך, צו פאָדערען אַזוינס, וואָס זיי קענען נישט געבען. דערפאַר אָבער מוז מען זעהן, אַז זיי זאָלען האָבען די מעגליכקייט צו געבען דאָס וואס זיי קענען יאָ, אויף אַ גוטען און רעכטען אופן. און דערפאַר טאָקי דאַרף מען זיך וואָס מעהר אינטערעסירען אין זייער לאַגע און שאַפען זיי אַ רעכטע שטיצע ווי ווייט מעגליך. און דאַמאָלס, קען מען האָפען, וועט די צאָהל פון די בעסערע חדרים אין יעדער אָרט אַלץ מעהר פערגרעסערט ווערען, און מיט זיי וועט אויך שטאַרקער ווערען די יְשוּעָה פאַר אונזערע אָרימע יודישע קינדער.

עס איז אָבער זעהר אַ שווערע זאַך עס אויסצופיהרען ווי עס דאַרף צו זיין; עס פאָדערט מע זאָל זיך שטאַרק אָבגעבען צו דעם און אַוועקלעגען גענוג צייט מיט אַ רעכט ביסיל כּוחות!

קיין גרינגע זאַך איז עס געוויס נישט, וואָס האָט מען דאָ צו רעדען, עס מוז געוויס קאָסטען נישט ווינציג צייט מיט מִיה. נאָר זאָגט־זשע נישט אַז פאַר אונזערע ציוניסטען איז נישטאָ וואָס צו טהון, קלאָגט זיך נישט אַז ס'איז קיין ארבייט נישטאָ. אָט האט איהר אַרבייט איבער גענוג אין יעדער שטאָדט, עס זאָל נור אַזוי פיעל זיין פלייסיגע הענד, און אַזאַ אַרבייט וואס איז אָהן אַ שום ספק זעהר ניטצליך און וויכטיג, און ס'איז אַוודאי כדאַי אַז ציוניסטען זאָלען זיך מיט דעם בעשעפטיגען ווי ווייט זיי קענען. און אויב די כּוחות זייערע זענען נישט גענוג און וועלען זיין צו קאַרג אויף אָבצוטהון מיט אַמאָל אין גאַנצען די אַרבייט, איז מען נאָך דעריבער כְּלַל נישט בעפרייט פון צו טהון ביסליכווייז וויפיעל ס'איז מעגליך. לא עָלֶיךָ הַמְּלָאכָה לִגְמוֹר — אויף קיינעם ליעגט נישט קיין חוֹב „זיך אונטערנעהמען אַ פאַדראַד" אויף צו ענדיגען דַוְקא אין גאַנצען און מיט אַמאָל. יעדער איז נור מְחוּיָב נישט אָבקומען מיט הוילע דִבּוּרִים אַז „מע דאַרף טהון און ס'איז בְּפֵירוּש אַ יוֹשֶר צו טהון", נאָר בֶּאֱמֶת טאָקי זיך נעהמען צו דער אַרבייט און טהון ערנסט און מיט ליעבע דאָס ביסיל וואס ער קען. און דאס איז שוין אַ אַלטער כּלל, אַז קליינע כוחות אַפילו, ווען זיי נעהמען זיך צונויף צו אַרבייטען צוזאַמען, ווערט פון זיי אין איינעם אַ גרויסער כּח, וואָס קען אויפטהון מיט דערצייט גרויסע זאַכען.

און בִּפְרָט אין אַזאַ זאַך, ווי אויסבעסערען אונזערע חדרים, דאַרפען גאָר די ציוניסטען נישט ארבייטען מיט אייגענע כּוחות אַליין. אין יעדען אָרט וועט זיך געפינען אויך אַנדערע פאָלקס־פריינד, נישט גראַדע פונ'ם ציוניסטישען עוֹלָם, וואָס די ערציהונג פון יודישע קינדער ליגט זיי אויך זעהר גאָהענט צום האַרצען, און אַלס אמת'ע נאַציאָנאַליסטען מיט ריינע יודישע געפיהלען וועלען זיי געוויס נעהמען אַ שטאַרקען טהייל אין אַזאַ פאָלקס־זאַך און מיטהעלפען דערצו מיט גרוים חֵשֶק.

נאָר אויב אַזוי, אויב ניט־ציוניסטען וועלען אויך מיטהעלפען אין דער זאַך, וועט מען דאָך מוזען זיין בעשרענקט און נישט קענען מאַכען די חדרים פאַר ריין ציוניסטיש!

ריין ציוניסטיש—טאַקי בפירוש ניין, אָבער ניט נור דערפאַר ווייל זיי, די ניט־ציוניסטען, וועלען עס אֶפְשַר נישט דערלאָזען, נאָר ווייל גלאַט אַזוי פאַר זיך דאַרף מען עס נישט און מע טאָר עס נישט, ווען אַפילו אין דעם זאלען אַרבייטען לויטער אויסגעקליבענע ציוניסטען.

אין דער אמת'ען, וואס הייסט אַזוינס „ציוניסטישע חדרים"? אונזערע קינדער בִּכְלָל האבען מיר נישט צו געבען קיין בעזונדערע „ציוניסטישע" ערציהונג, נאָר אַ ריין יודישע, אָהן נייע נעמען, זיי מעגען ווי אַזוי שען קלינגען. קינדער טאָרען נישט וויסען פון אַזעלכע זאַכען, אז זיי זענען ניט קיין געוועהנליכע ווי אלע יודישע קינדער, נאָר זיי טראָגען עפּיס אַ נייעמאָדנעם בעזונדערען נאָמען, זיי הייסען ציוניסטען. מע טאָר בְּשוּם אופֶן נישט נעהמען קיין הֲדָר־יונגליך און עפּיס אַזוי ווי צוקלעבען צום שטערן ביי זיי אַזוינע מִינֵי קוויטליך מיט גרויסע כְּתִיבָה־אוֹתִיוֹת „ציוניסט", אָדער דערצעהלען זיי מַעֲשׂוֹת און איינחַזֵר'ען מיט זיי: „איהר זאָלט וויסען זיין, קינדערליך, אז איהר זענט ציוניסטען"...

לאָזען נור די קינדער אין אונזערע חדרים בעקומען אַ רעכטע מענשליכע און יודישע ערציהונג; לאָז דער מְלַמֵד ביי זיי אין די אויגען נישט אויסקומען קיין מַלְאַך־הַמָוֶת און דער חדר קיין גֵיהִנֹם, לאָז דאָס לערנען ביי זיי נישט זיין קיין „שווער אָבקומעניש"; לאָזען זיי דאָרט לערנען מיט אַ סֵדֶר און מיט אַ רעכטען דֶרֶך, ווי עס דאַרף צו זיין, אַזוי אז זיי זאלען מיט דער צייט קענען בעקומען, ווי ווייט מע קען

אויספיהרען, א רעכטע ידיעה אין אונזער תורה, אונזער שפראך און אונזער געשיכטע; לאז מען אין זייערע ווייכע יונגע הערצער איינפלאנצען ריינע יודישע געפיהלען, אמת׳ע ליעבע צו זייער פאלק און אלע זיינע טייערע גייסטיגע אוצרות, — דאמאלס, מעגען מיר האפען, וועלען זיי אויסוואקסען גוטע יודישע קינדער, וואס אונזער פאלק וועט זיך מיט זיי נישט האבען וואס צו שעמען, און דאמאלס, מעגען אויך אונזערע ציוניסטען האפען, אז אזעלכע קינדער וועלען עלטער ווערען, וועט זיי דאס יודיש הארץ תמיד ציהען צו די בעסערע ציוניסטישע אידעאלען.

דערווייל אבער, כל־זמן זיי זענען קינדער, חדר־יונגליך, דארף מען זיי נישט איינגעבען קיין שום בעזונדערע רעצעפטען זיי זאלען וואקסען „ציוניסטען“, און דערפאר קענען אין דער „חדרים־פּראגע“ די ציוניסטען זיך פעראייניגען מיט ניט־ציוניסטען, אבי זיי זענען נור נאציאנאליסטען וואס ווינשען אז די קינדער זאלען בעקומען א י ו ד י ש ע ערציהונג, און אלע אין איינעם זאלען ארבייטען אין דער זאך געשמאק און בריינגען גרויסע נוטצען.

פון אונזערע ענערגישע ציוניסטען אין יודישע שטעדט און שטעדטליך פערלאנגט מען נור, זיי זאלען אויף זיך נעהמען די איניציאטיווע אין דער דאזיגער וויכטיגער פאלקסזאך, זיי זאלען וועקען, אויפמונטערען דעם עולם צו דער הייליגער ארבייט, וואס דארף שטענדיג שטעהן אויפ׳ן ערשטען פלאן, און אויף אזא אופן, קענען מיר האפען, וועט קיינמאל נישט פעהלען קיין ארבייטער.

און דאס וואס אזא מין ארבייט שמעקט אביסיל מיט „קולטורע־“ האט מען זיך גאר נישט וואס צו שרעקען. אויב עס וועלען זיך געפינען אזעלכע משונה פרומע יודען מיט רבנים, וואס וועלען אפשר שרייען אז ס׳איז א עבירה פאר גאט אין א יודישען חדר איינפיהרען עפּיס א סדר — לאזען זיי שרייען און ציוניסטען לאזען זיך טהוען זייערס. ווען אונזערע ציוניסטען זאלען באמת וועלען תמיד יוצא זיין פאר אלע דעות, דארפען זיי זיך אבזאגען פון יעדער ארבייט און נאר נישט טהון...

ר.

---

# די פעסט.

## II.

## די סימנים פון פעסט.

די קראנקהייט הויבט זיך אן מיט א קדחת. דער קראנקער פיהלט זיך שוואך, פריהער שוידערט איהם פון קעלט און אין 3—1 שעה ארום קומט היטץ, וועלכע ווערט אלץ גרעסער און דערגעהט ביז 40 גראד. די אויגען ווערען ווי אנגעגאסען מיט בלוט, עס דריקט אין ברוסט, עס ציהט דעם קראנקען דאס הארץ, עס קומען אויך פאר נודענעס און ברעכען מיט גאל. פון גרויס היטץ ליגען אפט די קראנקע ווי שכורים, זיי זענען זעהר אויפגערעגט, זיי רעדען פון היטץ, זיי ווארפען זיך אהין און אהער אויפ׳ן געלעגער און ווילען אויפשטעהן פון בעט.

שוין אין די ערשטע 10 שעה, אויב די קראנקהייט איז א שווערע, אדער אויף דעם 3־טען, 4־טען טאג, אויב די קראנקהייט געהט גרינגער, שוועלען אן די דריזען, אם אפטעסטען אויף די פאכעס, טהייל־מאל אבער אויך אויפ׳ן האלז.

אויסערדעם ווייזען זיך אין פערשיעדענע ערטער פון קערפער מכות און פלאמעס.

ווען די דריזען געשוועלען, דאן ווערט דעם קראנקען שוין עפּיס לייכטער.

די קראנקע ליגען רוהיג, האלב דרעמלענדיג און רעדען נאך אנאנד פון היטץ, די שמועה איז אבגעשוואכט, דער קוק פון קראנקען איז ווי פון א מענשען אהן פערשטאנד, דער דבור איז אונפערשטענדליך, די צונג איז נאס, אין מיטען ווי פערווייסט מיט קאלך אדער ווייס ווי פערלמוטער.

דער פולס איז שוואכער און עפטער. די הויט איז טרוקען און הייס. די געשוואלענע דריזען שמערצען פון יעדען דרוק מיט׳ן פינגער.

ווען די קראנקהייט געהט גוט, שוויצט דער קראנקער אויפ׳ן 3־טען אדער 4־טען, 5־טען, 6־טען טאג. ער ווערט בעגאסען מיט טייכען שוויים.

דער שוויים איז פאר דעם חולה א מין הצלה, פון די אנגעשוואלענע דריזען רינט ארויס מאטעריע, די היטץ פאלט, דעם קראנקען ווערט בעסער.

אם אפטעסטען אבער (אין 90%—80) געהט די קראנקהייט גאנץ אנדערש: די קראנקע ווערען אלץ אונרוהיגער, ווארפען זיך א. ז. וו. און פלוצלינג שטארבען זיי.

א אנדער מאל קומען פאר בלוטשטורצע פון דער נאז, פון מאגען, פון די לונגען א. ד. ג. דער קראנקער איז תמיד שלעפריג, נאך אנאנד, ער שלוקערצט, די כחות פאלען אלץ מעהר אב, ביז ער שטארבט.

עס זענען פארהאן נאך צוויי פערשיעדענע פארמען פון פעסט. די בליטץ־פארם. די גאנצע קראנקהייט דויערט איינינע שעה. די צונג ווערט געשוואלען. די ליפען ווערען אויפגעבלאזען און אויסגעקעהרט אין אלע זייטען, די אויגען זענען אפען אונבעוועגט. דער קראנקער פאלט, בעקומט קרעמפפען, ער גיט ארויס ווילדע קולות און פלוצלינג שטארבט ער. אין אזא גיכען גאנג פון דער קראנקהייט זעהט מען ניט קיין אויסענווענינגסטע סימנים, נאר פאר׳ן טויט אדער גלייך נאכ׳ן טויט בעווייזען זיך פלאמעס אויפ׳ן גאנצען קערפער.

די צווייטע פארם איז זעהר א גרינגע. עס שוועלען אן די דריזען און אין זיי ווערט מאטעריע און דערמיט לאזט זיך אויס די גאנצע קראנקהייט. דער קראנקער איז די גאנצע צייט אויף די פיס און ליגט נישט.

די פעסט אזוי ווי אלע אנדערע זאראזליווע קראנקהייטען קומט פון בעזונדערע באצילען, וועלכע מען קען זעהן נור מיט דער הילף פון א גרויסען פערגרעסערגלאז (מיקראסקאפ). די באצילען פון פעסט זענען ענטדעקט געווארען אין יאהר 1894 דורך די געלערענטע קיטאזאטא און יערסין. פיעל באצילען פון פעסט האט מען געפונען אין דער מאטעריע פון די דריזען, אויך אין די ליחות פון די קראנקע, וועלכע קריגען פעסט־לונגען־ענטצינדונג. אין קאאיר פון מצרים האבען די געלערנטע געמאכט נסיונות מיט דער מאטעריע פון די דריזען ביי פעסט־קראנקע, זיי האבען געוואלט וויסען, אויב אין דער מאטעריע ליגט די אורזאכע פון קראנקהייט.

עס האט זיך ארויסגעשטעלט, דאס געזונדטע מענשען, ביי וועלכע מען האט אריינגעשפריצט אביסיל פון דער דאזיגער מאטעריע, זענען קראנק געווארען אויף פעסט. איינער פון זיי איז געשטארבען. די נסיונות האט מען געמאכט אויף פערברעכער, וועלכע זענען געוועזן אבגעמשפט צום טויט.

אײן געוויסער ענגלישער דאָקטאָר אואייט האָט זיך אַלײן געשטעלט די דריזען־מאַטעריע פון א פעסט־קראַנקען, ער איז קראַנק געוואָרען אויף פעסט און איז געשטאָרבען.

ביי דער עפּידעמיע אין וועטליאַנקע האָט מען די טליך געזעהן, ווי אײן קראַנקער נעמט זיך אָן פון אַנדערען, אויך דורך זאַכען, בעטציינג, וועש א. ד. ג. אָדער דורך מענשען, וועלכע האָבען געהאַט מגע־ומשא מיט די קראַנקע. דאָסזעלבע האָבען די דאָקטוירים בעמערקט ביי דער עפּידעמיע אין חינא אין יאָהר 1899. כדי אָבצוהאַלטען די פֿערברייטונג פון פעסט, פֿערברענט מען די קלײדער און די זאַכען פון די קראַנקע. די הייזער דעזינפעצירט מען. ביי דער עפּידעמיע אין וועטליאַנקע האָט מען אפילו פֿערברענט די הייזער, וואו עס זענען געלעגען קראַנקע, און די רעגירונג האָט נאָכהער די בעלי־בתים אומגעקעהרט דעם שאַדען.

## די קוראַציאָן.

חאָטש די פעסט איז שוין זעהר אַלט, האָבען פֿונדעסטוועגען ביז די לעטצטע יאָהרען די דאָקטוירים ניט געהאַט קײן שום מיטעל נעגען איהר, זיי האָבען אפילו קײן האָפֿנונג ניט געהאַט צו געפֿינען אזא מיטעל. ביז איצט האָט מען נור געהײלט פֿערשיעדענע ערשײנונגען פון דער קראַנקהײט (צ. ב. היטץ, די שוואַכקײט פֿון הערצען א. ד. ג.) אָבער נעגען די קראַנקהײט אַלײן האָבען מיר ניט געהאַט קײן שום רפואה.

ערשט אַז אין יאָהר 1894 איז ענטדעקט געוואָרען דער באַציל פֿון פעסט איז אויך מעגליך געוואָרען די האָפֿנונג, דאָס מיט דער צייט זאָל געפֿינען ווערען א רפואה מנוסה, דען ווי באַלד מען קען שוין די סיבה פון דער קראַנקהײט, איז אויך מעגליך צו געפֿינען אַ מיטעל נעגען די קראַנקהײט.

און אונזערע האָפֿנונגען זענען שוין אפשר מקוים געוואָרען. דר. יערסין, וועלכער האָט ערפֿונען דעם באַציל פון פעסט, האָט אויך ערפֿונען (1897) א רפואה נעגען די קראַנקהײט.

ער האָט פֿאָרגעלײגט צו הײלען די פעסט מיט אַ בעזונדער סוראַוואַטקע, וועלכע האָט שוין ארויסגעוויזען איהר ניצען אויך ביי אַנדערע קראַנקהײטען.

די געלערענטע האָבען בעמערקט, דאָס די סיראַוואַטקע פון בלוט פון א מענשען, וועלכער איז קראַנק אויף טיפֿוס אָדער פון אַ מענשען, וועלכער איז ניט לאַנג איבערגעקומען די קראַנקהײט, האָט די קראַפֿט אין זיך צו טוידטען די באַצילען פון טיפֿוס. מיר נעהמען אַ טראָפּען פֿון א גלעזיל מיט בוליאָן, וואו עס וואַקסען טיפֿוס־באַצילען, אונטער׳ן מיקראָסקאָפּ, דאַן זעהען מיר פֿאָלגענדעס: די באַצילען (זיי זעהען אויס ווי א קלײן שטעקעלע) קריכען, שפּרינגען, מיט אײן וואָרט זיי זענען שטענדיג אין בעוועגונג. אָבער גיסען מיר צו צום טראָפּען בוליאָן אַ טראָפּען סוראַוואַטקע פון בלוט פון א טיפֿוס־קראַנקען ווערט דאָס בילד גאָר אַנדערש, די באַצילען קלעפּען זיך צונויף אײנע צו די אַנדערע, זיי בעוועגען זיך מעהר ניט און ליגען אַלע ווי פּגרים. דאָסזעלבע האָט מען אויך בעמערקט ביי די מענשען, וועלכע זענען איבערגעקומען די פעסט, ד. ה. די סוראַוואַטקע פֿון זייער בלוט טויט די פעסט־באַצילען. בויענדיג אויף דעם דאָזיגען געדאַנק האָט יערסין אָנגעהויבען אויסצואַרבײטען אַ סיראַוואַטקע, וועלכע זאָל בענוצט ווערען ביי עפּידעמיען פון פעסט. יערסין שפּריצט אַרײן אין א פֿערד פעסט־באַצילען, אין אַ קלײנער דאָזע, דאָס פֿערד ווערט קראַנק, אײנינע טעג שפּעטער ווערט עס געזונד, אין 2 וואָכען אַרום בעקומט ווידער דאָס פֿערד ארײנגעשפּריצט די פעסט־באַצילען א. ז. וו. אין א חדש, אין 6 וואָכען אַרום לאָזט מען דעם פערד בלוט, די סיראַוואַטקע פֿון דעם בלוט שפּריצט מען אײן דעם פעסט־קראַנקען אונטער דער הויט כדי צו טוידטען די פעסט־באַצילען אין קראַנקען. ביז איצט האָבען מיר נאָך צו ווענינ מאַטעריאַל, אום מען זאָל קענען ריכטיג אָבשאַצען דעם ווערט פון יערסין׳ס סיראַוואַטקע; אָבער די קנאַפּע ידיעות, וואָס מיר האָבען, לאָזען האָפֿען אַז דער ווערטה פון איהר דאַרף זעהר גרויס זיין.

פֿון אײנינע עפּידעמישע ערטער איז מען מודיע, דאָס „פון די קראַנקע, וואָס האָבען בענוטצט יערסין׳ס מיטעל, איז קײנער ניט געשטאָרבען". ביי דער עפּידעמיע אין קאַחין־חינא, צום ביישפּיעל, האָט יערסין קורירט נאָך זיין מעטאָדע 26 קראַנקע, 2 פון זיי זענען געשטאָרבען און 24 געזונד געוואָ־ען. אײן צווייטעס מיטעל גענען פעסט איז פֿאָרגעלעגט געוואָרען פון אַ יודישען דאָקטאָר אוים אָדעסאַ, דר. חאַווקין, וועלכער האָט זיך בעריהמט געמאַכט מיט זיין ארבײט אין דער צייט פון דער עפּידעמיע אין אינדיען. צו פֿערהיטען דעם מענשען פון פעסט, האָט ער געפֿונען אַ מיטעל, ווי אײנצואימפּפֿען פעסט אַזוי, ווי מען שטעלט פּאָקען. דער געדאַנקען, אויף וועלכען עס איז געבויט דר. חאַווקינס מיטעל, איז דערזעלבער, ווי אין דעם מיטעל גענען פּאָקען. געשטעלטע פּאָקען רופֿען ארויס אין קערפּער אַ שוואַכע פּאָקענקראַנקהײט, און דאָס היט אָב דעם מענשען פון אמת׳ע פּאָקען. אַזוי איז עס אויך מיט זיין מיטעל נעגען פעסט. ער שפּריצט אַרײן אונטער דער הויט אַביסיל פֿליסינקײט מיט טויטע באַצילען, און דער שוואַכער קראַנקהאַפֿטער צושטאַנד. וועלכער ווערט דורך דעם ארויסגערופֿען, היט אָב דעם קערפּער פון אמת׳ער פעסט. די פֿיעל נסיונות, וואָס דר. חאַווקין האָט געמאַכט מיט זיין מיטעל אין אינדיען האָבען געגעבען זעהר גוטע רעזולטאַטען.

די מיטלען פֿון דר. יערסין און דר. חאַווקען שיצען נאָך ניט אין גאַנצען די מענשהײט פֿון פעסט, אָבער די גוטע רעזולטאַטען וועלכע זענען אין אַזאַ קורצער צייט דערגרייכט געוואָרען, בעווייזען דאָס די מעדיצין איז אויף דעם ריכטיגען וועג צו בעפֿרייען די מענשהײט פֿון א שרעקליכער קראַנקהײט, וואָס האָט ביז איצט זיך חוזק געמאַכט פֿון דער מענשליכער קונסט און מענשליכער חכמה.

דר. מ. נאָטטליעב.

---

## מען שרייבט אונז.

אלעקסאנדראפאל (קאווקאז): די שטאָדט, אין וועלכער עס געפֿינט זיך נאָך דאָס מעהר הייזער געבויט נאָך דעם טערקישען פּלאַן, ניט דעם רוסישען רייזענדער פֿיעל וואונדערליכעס. אויך דעמזעלבען אײנדרוק מאַכט דאָ דאָס לעבען פֿון די יודען. דאָס רוב פֿון זיי (איבער 400) זענען סאָלדאַטען, וועלכע מען שיקט אַהער דיענען. די היגע יודישע סאָלדאַטען האָבען מיט דערלויבניש פֿון זייער נאַטשאַלסטווע זיך געמאַכט בעזונדערע שולען. אײן שול רופֿט מען מיט דעם נאָמען „באַקינסקע", ווייל זי געהערט צו די סאָלדאַטען. וואָס דיענען אין באַקינסקען פּאָלק. די צווייטע שול טראָגט דעם נאָמען פֿון קאַבאַרדינסקען פּאָלק. די אָרדענונג אין די שולען איז אײנגעריכטעט געוואָרען אויף דעם שענסטען אופן. די גבאים ווערען אויסגעקליבען זעלבסט פֿון די סאָלדאַטען, און אויף זיי ליגט אַ חוב, אַכטונג צו געבען אויף די אָרדענונג אין שול. די גבאים ווערען בעשטעטינט פֿון קאָמאַנדיר אין דעם פּאָלק. עס איז נאָך צום בעמערקען, אַז אין באַקינסקערשול, וועלכע איז בעשטעטינט אַ סך פֿריהער פֿון דער קאַבאַר־

דינסקער, געפינט זיך שטענדיג א שמש א סאלדאט, וואס איז דערפאר בעפרייט פון אלע ארבייטען אין דער מיליטער־דיענסט.

דער שמש ווערט אויך אויסגעקלויבען פון צווישען די סאלדאטען.

ווען די אויסגעקליבענע גבאים און דער שמש ענדיגען אין מיליטער זייער דינסט, ווערען אויסגעקליבען אנדערע פון די יונגערע סאלדאטען.

די הכנסה אויף אויסצוהאלטען די שול בעשטעהט פון דעם, וואס יעדער צאהלט חודש געלד און פון די עליות, וואס מען פערקויפט אין די ימים־טובים.

אויסער די יודישע סאלדאטען געפינען זיך דא איינגע „פרייע", רוסיש־יודישע פאמיליעס, איינגע גרוזינישע און פערזישע יודען. אלע קומען דאווענען אין די סאלדאטסקע שולען.

ניט לאנג האבען די סאלדאטען פון קאבארדינסקען פאלק גענעבען א נייע ספר־תורה אין זייער שול. אלט יודישע סאלדאטען פון גארניזאן האבען די ספר־תורה געפיהרט מיט פאראד אונטער א חופה אין שול אריין. מען האט דעם אווענד פערברענגט ווי אויף איין אמת'ן יום־טוב. עס האט געמאכט פיעל נדבות ווי פון די סאלדאטען אליין ווי אויך פון די „פרייע" יודען.

דער קאמאנדיר פון פאלק האט א טאג פריהער געשריעבען אין זיין בעפעהל איבער'ן פאלק, אז דעם יום־טוב איז די יודישע סאלדאטע ערלויבט צו פייערען.

איצט געפינט זיך שוין אין קאבארדינסקער שול צוויי ספרי־תורות און אין באקינסקער' דריי.

דעם אמת מוז איך זאגען. אז די שולען, וואס וענען אזוי גוט איינגעארדענט, האט מען צו פערדאנקען דעם געשעצטען העררן א. ל. לייבאוויטש, וועלכער געפינט זיך שוין פון לאנגע יאהרען אין באקינסקען פאלק אלם פאלקאוואי שניידער, וועלכער האט זיך דא פון לאנג ביי יעדען פערדיענט איין גוטען נאמען פאר זיין גרויס ארענטליכקייט און נוטמקייט און איז בעליעבט ביי יעדען, הן ביי די נאטשאלסטווע, הן ביי די סאלדאטען. יעדער יודישער סאלדאט, וואס האט נור געדיענט אין אלעקסאנדראפאל קען דערנאך זיין גאנץ לעבען ניט פערגעסען דעם נוטען מענשען.

דער וועלטענער מענש זארגט ניט נור פאר די נשמה פון די סאלדאטען, נאר אויך פאר זייער גוף. יעדען פאר פסח מאכט ער יודישע סאלדאטסקע ארטעלען, מען זאל באקען מצות און די סדרים פראווען אלע צוזאמען אויף דעם שענסטען שטיינער.

ווער איז אין שטאנד איבערצוגעבען די דאנקבארקייט פון יעדען סאלדאט, וואס געפינט אזוינע גוטע גליקליכע מינוטען אין דער פרעמד, ווייט פון דער היים און פון אייגענע. — א. מיליקאווסקיא.

ישראל טאמאראוו פון בראוואריו (טשערניג. גוב.): ביי אונז איז געווארען א חברה מיט דעם נאמען „מפיצי דעת". איהר צוועק איז צו לערנען די ארימע קינדער אין אונזער שטעדטיל. אויף דעם חשבון פון דער חברה צאהלט מען לעהרער, זיי זאלען לערנען מיט די תלמוד־תורה־קינדער יודיש שרייבען, רוסיש, חשבון א. ד. ג. אויך האט די חברה געמאכט א ביבליאטהעקע וואו עס געפינען זיך ביז 400 ביכער, אויסער צייטונגען אויף העבראיש, זשארגאן און רוסיש, פיעל האבען מיר פאר דעם אלעמען צו פערדאנקען ה' ה. קאהאן, וואס איז געוועזען איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער נוצליכער חברה.

משה קארענבליט פון סמאטריטש: (פאד. גוב.) ביי אונז צעהלט זיך אין גאנצען 500 איינוואהנער, און פון דעסטוועגען האט אונז גאט בעגליקט מיט אזוי פיעל שוחטים כמעט ווי אין בערדיטשעוו, וואו עס רעכענט זיך ביז הונדערט טויזענד איינוואהנער. ביז פאר א יאהרען האבען מיר ווי יעדעם קליין שטעדטיל נור געהאט איין שוחט, און היינטיגעס יאהר האבען די חסידים זיך פערשאפט א פערגעניגען און געמאכט נאך צוויי, אזוי אז אונזער שטעדטיל האלט איצט דריי שוחטים. דעסטנלייכען פערמאגען מיר עטליכע גוטע יודען, איינגענטליך וואהנט ביי אונז קיין איינציגער גוטער יוד, נאר זיי זענען ביי אונז אזוינע אפטע געסט, אז זיי רעכנען זיך ניט נור פאר היימשע אייגענע, נאר ווי געבארענע סמאטריטשער, און פערשטעהט זיך, אז זיי קאסטען אונז א סך טייערער ווי אלע שוחטים צוזאמען.

איינענטליך וואלט עס קיינעם גאר ניט געארט, זאלען זיך חסידים שאפען פערגניגען. ווען זיי האבען נור געלד, נאר עס פרעגט זיך וואו איז היינטיגע יאהרען געהערט געווארען, אז אין א שטעדטיל זאל זיך ניט געפינען קיין איינציגער דאקטאר. די פראגע וועגען אראבברענגען א דאקטאר האט מען שוין ניט איין מאל אויפגעמישט, איבערהויפט אין די טעג, ווען אין שטאדט געפינען זיך קראנקע אין די בעל־בתישע הייזער. דענסטמאל רעדט מען שטארק פון אראבברענגען א דאקטאר, און עס ענדיגט זיך מיט דעם. אז עס איז ניט דא פון וואנען צו צאהלען א דאקטאר און מען הערט אויף צו רעדען. עס פרעגט זיך נור פאר וואס שווייגט מען דאן, ווען די ארימע לייט, זייערע ווייבער און נאך מעהר זייערע קינדער הערען ניט אויף קראנק צו זיין? דאכט זיך, אז וואס עס קאסט נור איין שוחט (און ווער שמועסט נאך ווי פיעל עס קאסט אב א גוטער יוד) וואלט מען פאר דעם געלד געקענט זעהר גרינג אראבברייננען א דאקטאר, וואס זאל שטענדיג ביי אונז וואהנען. שוחטים זענען דא דריי, טרייבט האטש ארויס דעם פיערטען שוחט — דעם מלאך־המות.

א. כהן פון אדעס: ניט לאנג האט מען ווידער אין סוד גע'משפט א יודישען קצב, וואס האט פערקויפט טריף פלייש פאר כשר'ס. מען האט איהם פערמשפט אויף עטליכע טעג זיצען און 50 רובל שטראף.

---

# ציימונגען פון דער וואך.

(יודישע מוכרי־ספרים). אין „הצפירה" געפינט זיך א אינטערעסאנטער ארטיקעל וועגען די כשר'ע מציאות, וואס יודישע בוכהאנדלער לענען פאר דעם עולם קויפען פאר האלב אומזיסט:

איך לייען אויפמערקזאם די מודעות, וועלכע דרוקען זיך אפט אין די צייטונגען אונטער דעם נאמען „די זשארגאנישע ליטעראטור" אונטערגעשריעבען פון דעם ווילנער מוכר ספרים ה' קאצענעלבויגען. ער לעגט פאר, מען זאל ביי איהם קויפען כשר'ע מציאות — ביכער, וואס האלטען 96, 150, 160 און 270 בויגען און וועלכע טראגען שרעקליכע נעמען ווי „צווישען מענשען פרעסער", „גיפט מישערען", „בלוטיגע גרעפין", „בלוטיגע ראבע", „פערווילדערטער פירסט", „פרויען הענדלער", „א נקמה פון א בר־מינן", „פון טראהן צום עשאפאט" א.ד.ג. דער פרייז פון זיי, זאגט דער ווילנער מוכר ספרים, איז זעהר ביליג, למשל דער ראמאן „דער מענשענפרעסער" קאסט אין גאנצען 16 רובל מיט 60 קאפ. דער ראמאן „בערויבט און פערלאזען" נור 9 רובל 60 קאפ.; „געראובטע קינד" נאך ביליגער — 8 רובל 40 קאפ. און אום צו מזכה זיין דעם עולם מיט די טייערע ביכער לאזט ה' קאצענעלענבויגען אראב פון פרייז 50 פראצענט, אבער מיט דעם בעדינג, אז ווען מען וויל האבען די ביכער פאר האלב אומזיסט, מוז מען באלד אריינשיקען דאס געלד און אויב עס וועט עמיצער חס ושלום האבען דאס אומגליק צו פערשפעטיגען, וועט מען מוזען בעצאהלען כפל כפלים.

איך וויל נישט בעשולדיגען דעם מוכר ספרים, דאס ער ברענגט אריין אין יודישען ספרים־מארק די שעדליכע סחורה, וועלכע פערדארבט די זיטען און צורייצט די תאוה פון די דיענסטמיידליך און משרתים'ליך (קיין אנדערע, וויל איך גלויבען, לייענען דאך ניט די שמוציגע ביכער), ווייל עס איז שוין א מנהג העולם, אז יעדער סוחר לויבט זיין סחורה, נאר דער פאקט אז עס זענען דא בעלנים, לעזער און קויפער אויף דעם מין סחורה, איז זעהר טרויריג. שטעלט אייך פאר אנשטאט די דאזיגע ראמאנען, וועלכע טרעפען אן 50 אדער 100 רובל (נאך אלע ראבאטען און פראצענטען) וואלט מען קענען איינקויפען „די יודישע געשיכטע" פון גרעטץ אין זשארגאן, אויסשרייבען די צייטונג „דער יוד" „די בלעטער", „די וועלט געשיכטע" אין זשארגאן, קאטיק'ס אויסגאבען, אלע זאמעלביכער, הערויסגעגעבען פון פרץ, ספעקטאר און שלום עליכם, אלע ווערקע פון מענדעלי מוכר ספרים און נאך אנדערע אזעלכע, און עס וואלט נאך אין קעשענע איבריגע געלד געבליבען. ווילען זיך איצטער די לעזער אויך איילען קויפען פרץ'ס שריפטען, וועלכע קאסטען אין גאנצען צוויי רובל, אזוי, ווי זיי איילען זיך קויפען קאצענעלענבויגענס ווילדע סחורה?

ווי שוין געזאגט איז א מוכר ספרים אזא סוחר ווי אלע אנדערע סוחרים, וואס האנדעלט בעסער מיט די סחורות, וועלכע לוינען פאר איהם, אבער פון דעסטוועגען... פון דעסטוועגען איז ער פארט קיין געוועהנליכער פראסטער סוחר, ער קען ווירקען אויף די נשמה, אויף דעם געשמאק פון די לעזער.

ובפרט נאך אז צווישען אונזערע היינטיגע מוכרי ספרים געפינען זיך פיעל, וועלכע האלטען זיך פאר אינטעליגענטע מענשען און מיינען (אפשר מיט רעכט), אז מיט זייער מסחר פערברייטען זיי וויסענשאפט און השכלה צווישען פאלק, אז זייער מסחר איז פיעל ניטצליכער ווי אנדערע מסחרים און ביי דעם אלעמען זאגען זיי זיך קיין מאל ניט אב צו האנדלען מיט אזוינע ביכער, וועלכע ברייננגען מעהר שאדען ווי נוטצען, מעהר פערדראס איז, וואס דיזעלבע בוכהענדלער וויסען זעהר גוט דעם חילוק פון ניטצליכע ביז שעדליכע ביכער. דיזעלבע בוכהענדלער זענען אויך די הערויסגעבער פון גארדאנס און סמאלענסקעס ווערק און פון איינינע ווערק אבראמאוויטשעס, לינעצקעס, גאלדפאדענס, פרץ'ס ספעקטארס, פינסקעס, גוידע און נאך אנדערע.

(יודישע גבירים.) אין „בוראשטשנאסט" געפינען מיר טרויריגע געדאנקען פון ד"ר טשערניחאוו וועגען יודישע עשירים. אזוינע געדאנקען האט ער ארויסגעטראגען אויס דער עקסטרא-אסיפה פון די „חובבי ציון" אין אדעס,

וואו די גרויסע זאל פון דער פערזאמלונג איז געוועזען פול מיט דעלעגאטען פון פעטערסבורג, מאסקווא, ווארשא, ווילנא און פון אלע עקען רוסלאנד, וועלכע זענען געקומען העלפען זייערע ברידער אין פאלעסטינא; אלע זענען געקומען, עס זענען נור ניט געקומען די אדעסער גבירים (אויסער איינעם אדער צוויי, פון דער היגער אינטעליגענץ).

ווען איך בין אויף דעם צווייטען טאג פון דער אסיפה ארויסגעגאנגען אין גאס און האב בעגעגענט א יודישען גביר, האב איך געטראכט: „אומגליקליכער! דיר איז ניט בעקאנט די זארג פון פאלק, דיר זענען פרעמד זיינע התלהבות, זיינע אידעאלען, דערום קענסט דו גיט זיך מיט איהם אויפהויבען הויך... און דו ביזט פעראורטהיילט, זיך צו גראבען אין דער קופע פון לעבענס-בלאטע". א גביר קלויבט און זאמעלט זיין עשירות, ער זאל זיך צוזאמען מיט זיין רייכטהום לעגען אין קבר, ווארום ווען עס שטארבען די גבירים, שטארבט אויך מיט זיי זייער עשירות. איך האב קיין מאל ניט געהערט וועגען איין אייביגען עושר און וועגען אייביגע עשירות, איך ווייס אז אלעס ווערט צובראכען, אלעס געהט צו גרונד, אלעס ווערט נמאס, איך ווייס אז שפיגלען, וואס בעשיינען א שען הויז, ווערען צובראכען, דאס שענע געמאלעריי פון די ווענד קריכט אב, אייביג לעבען נור מעשים טובים — זיי זענען מאנומענטען פון גייסטליכער גרויסקייט.

איך האב קיין מאל ניט געפונען קיין „געשיכטע פון גבירים", אין די ביבליאטהעקען האב איך גיט געזעהן קיין ביכער פון דעבעט און קרעדיט, נאר איך האב געלעזען די געשיכטע פון מענשען, וועלכע זענען איבערגעבען אידעאלען, זייערע נעמען זענען אויסגעקריצט אויף לוחות און בלייבען אויף אייביג.

ד"ר טשערניחאוו זאגט, אז ער וויל זיך פריווען צו שרייבען „די געשיכטע פון יודישע עשירים און יודישע עשירות" און פערשטעהט זיך, אז אין „דער געשיכטע" געפינען מיר ניט אזוינע יודישע גבירים, ווי די מאסקוועער רוסישע גבירים סאלדאווניקאוו און סאלדאנטעקאוו. דער ערשטער האט פון זיין קאפיטאל 48 מיליאן איבערגעלאזט אויף פראפעסיאנאלשולען און בילינגע הייזער 36 מיליאן, און דער צווייטער, וואס האט פערמאגט א קלענערען קאפיטאל, האט איבערגעלאזט אויף צדקה זאכען 8 מיליאן. דא געהט ניט אין דעם, וואס פאר א קאפיטאל דער גביר פערמאגט, נאר דער פונקט 3/4 פון זייערע קאפיטאלען האבען זיי איבערגעלאזט לטובת הכלל און אין גאנצען 1/4 פאר זייערע אלע יורשים. צווישען ניט יודישע גבירים זענען סאלדאווניקאוו און סאלדאטענקאוו ניט קיין איינציגע, וואס לאזען איבער דעם גרעסטען טהייל פון זייערע קאפיטאלען אויף טובת הכלל; עס איז א געוועהנליכע זאך, אז די צייטונגען בעמערקען קוים אזוינע ליכטיגע פאקטען פאר דער מענשהייט, יעדער מענש, יעדער בירגער, וואס האט ליעב זיין פאלק, קען זיך אנדערש ניט בענעהן מיט זיין פערמעגען. ביי אונז יודען אבער וואס טהוט זיך אין די צייטונגען, ווען איינער פון אונזערע מיליאנערען און גבירים גיבען לטובת הכלל א סומע, וואס טרעפט קוים אן 1/8 פראצענט פון זייער פערמעגען, מיר וואונדערען זיך און מיר ליארמען און פילדערען אין אלע גאסען, אין אלע ווינקעליך ווי אויף די גרעסטע זעלטענהייט.

---

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** — די ארבייט פון אקציאנסקאמיטעט. דר. הערצל האט פערבראכט א וואך אין פאריז און דעם 10-טען יוני קומט ער אין לאנדאן, די חברה „מאקאבעער", פון וועלכע דר. הערצל איז א עהרענמיטגליעד, וועט בענוצען די געלעגענהייט צו געבען צו זיין עהרע א מיטאג מיטוואך 10/6 אין ס' דזעמס רעסטאראן, וואו ה' זאנגוויל וועט זיין דער פארזיצענדער. וואהרשיינליך וועט דר. הערצל נישט מעהר עפענטליך ארויסטרעטען אין לאנדאן אויסער אויף דעם מיטאג. סיר פרענסיס מאנטיפיארי וועט זיין צווישען די געסט. (דזואיש קראניקל).

— דעם „דזואיש קראניקל" שרייבט מען אויס קאנסטאנטינאפאל: איך קאן אייך פערזיכערן, אז דר. הערצל האט פערלאזען קאנסטאנטינאפאל מיט א וויכטיגען ערפאלג. דר. הערצל האט אויפ'ן סולטאן געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק און ער איז איצט א בעליעבטע פערזאן אין קייזערליכען פאלאץ. דער קאנגרעס איז געווארען אבגעלעגט וואהרשיינליך ביז אקטאבער איבער 2 סבות: כדי מען זאל זיך קענען גוט איבערלעגען וועגען ראפארט, וועלכען דר. הערצל וועט קירצליך געבען זיינע קאלעגען פון אקציאנס-קאמיטעט, און ווייל מען דארף געלד צום אויספיהרען די ענינים, וועלכע קענען ווערען פארגעלעגט דעם קאנגרעס נור פארטיגערהייט. אויב די בעוועגונג וועט גוט געהן פינאנציעל, וועט דר. הערצל אפען פארלעגען די זאך. לויט די נייעסטע ידיעות זענען גרויסע רוסישע שטאאטסמענער גוט בעקאנט מיט דעם ענין פון ציוניזם און זענען נוטה צו איהם.

*

**רוסלאנד.** — הונגער. נאך דער דעפעשע, וואס דער אדעסער קאמיטעט צו שטיצען די נויטבעדערפטיגע האט צושיקט צו אלע יודישע צייטונגען, האט ער בעקומען פון דער רעדאקציע „וואסחאד" 2000 ר', פון רעד' „המליץ" 500 און אויס באקו 611 ר'. מיט דער קליינער סומע האט דער קאמיטעט ווייטער אנגעהויבען זיין ארבייט. ער האט אויך אנגעהויבען צו געבען שטיצע דער שטאדט קאלאראש, וועלכע לייד זעהר פיעל פון הונגער און טיפוס און וועלכע האט ביז אהער נישט בעקומען קיין שום הילף. ווי ווייט דאס שטעדטיל איז געפאלען קען מען ארויסזעהן פון דעם חשבון פון דער קאנטאר עהרליך, דורך וועלכע עס פלעגט דורכגעהן 90 פראצענט סחורות, וואס ווערט ארויסגעפיהרט אויס קאלאראש. בעת אין יאהר 1899 האט מען ארויסגעפיהרט אין די חדשים פון יאנואר ביז אפריל 450,000 פוד פערשיעדענע פרוכטען וכדומה, האט מען אין יאהר 1900 אין דערזעלבער צייט ארויסגעפיהרט נור 103,000 פוד און אין יאהר 1901 נור 32,000 פוד. ארבייטער אויפ'ן טאג, וועלכע פלעגען פערדיענען מאנאטליך 15—40 רובל און צייטענווייז 50—60 ר', האבען היינטיגס יאהר פערדיענט 1—2 רובל מאנאטליך. אויסערדעם געהען ארום גאר לוידיג א סך טרעגער, פורמאנעס, קליינע הענדלער, אויפקויפער אויף דערפער, קאמיסיאנערען א. ז. וו.

— דער מיניסטער פון אינערען האט ניט בעשטעטיגט דעם בעשלוס פון דער סעוואסטאפעלער דומע, אויפצונעהמען 2 יודישע דעפוטאטען נאטאנזאהן און גידאלעוויטש, ווייל סעוואסטאפאל געהערט נישט צו דער יודישער טשערטא.

— אלע יאהר פאהרען זיך צונויף אין אדעס יונגע לייט פון דער פראווינץ, כדי צוצוגרייטען זיך פאר הויזלעהרער אדער עלעמענטאר לעהרער. די יונגע לייט קומען נעביך אב אין אדעס, ווייל זיי האבען נישט דארט קיין שום מקור אויף פרנסה, און נור וועניגע פון זיי קומען צו א „תכלית". אפילו די וועניגע, וועלכע דערגרייכען שוין נאך פיעל מאטערניש זייער ציעל, קומען ארויס זעהר שלעכטע לעהרער, ווייל, זענענדיג אין אדעס, האבען זיי נישט קיין וועגווייזער און קיין לעהרער. נישט לאנג האבען איייניגע יודישע ליטעראטען צוזאמען מיט דעם מיטגליעד פון דער פעטערבורגער חברה צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען ה' פ. לאנדער זיך געהאלטען איין עצה און אויסגעארבייט איין פלאן, ווי צו פערבעסערען דאס צוגרייטען פון די לעהרער. צו זיין וועגווייזער„ פאר די לעהרער האבען גענומען אויף זיך אבראמאוויץ, א. גינצ-

בערג, בן־עמי (ראבינאוויץ), י. ח. רבניצקי, ראבינער טשערנאוויץ און לעהרער טראצקי. וועגען דעם ענין ווערט פארגעלעגט א רעפעראט דער חברה צו פערברייטען בילדונג אין רוסלאנד.

— אין אדעס וועט קירצליך ענטשטעהען איין ארטעל פון בעקער אויס 20 מענשען, יודען און קריסטען. די ארטעל איז געגרינדעט דורך ה' קענצשמאכער אין דער פארם פון די ארטעלען, וועלכע ווערען געמאכט פון ה' לעוויטסקי.

— דורך די סטאראניעס פון ראסטאווער ראבינער ה' דר. אייזענשטאדט זענען צוגעלאזען געווארען צום עקזאמען אין דער ראסטאווער שטעדטישער שולע די תלמידים, וועלכע האבען געענדיגט די תלמוד־תורה ביי דער גרויסער שול. די אטעסטאטען, וועלכע די תלמידים בעקומען פון דער שטעדטישער שולע, גיט זיי זכיות אין מיליטערדיענסט.

— דער סענאט האט בעשטימט, אז כדי עס זאלען אומעטום גלייך אנגעווענדעט ווערען די תקנות וועגען אנצונעהמען יודען אויף רעגירונגסשטעלען, זאל מען פערעפענטליכען, אז פון דעם אלגעמיינעם געזעץ, וועלכעס פערוועהרט אנצונעהמען יודען אויף רעגירונגסשטעלען, ווערען געמאכט אויסנאהמען: 1) פאר יודען, וועלכע האבען דעם טיטעל דאקטאר, מאגיסטער, קאנדידאט אדער וועלכע האבען געענדיגט דעם קורס מיט א דיפלאם פון ערשטען גראד. 2) פאר יודען, וועלכע האבען דיפלאמען אויף ארצט; אזעלכע ווערען צוגעלאזט צו רעגירונגסשטעלען נור אין מעדיצינישע ענינים. 3) פאר יודען, וועלכע האבען דעם טיטעל אינזשענער־טעכנאלאג, וועלכע ווערען צוגעלאזט צו שטעלען נור אין טעכנישע ענינים. 4) פאר יודען, וועלכע האבען געענדיגט ערדטאקסאטארישע קלאסען — נור אין גובערנסקע מעסט־אבטהיילונג.

— דער „נאוואיע וור" ברענגט אין נאמען פון דעם „קאווקאז" די פאלגענדע ידיעה: דעם 18/4 האט מען פארגעשטעלט אין טיפליסער טעאטער די בעקאנטע אנטיסעמיטישע דראמע „קאנטראבאנדיסטען" פון ליטווין און קרילאוו. בשעת דער פארשטעלונג האבען 9 סטודענטען, וועלכע זענען געווען אין טעאטער געמאכט א גערודער און געשטערט די אקטיארען צו שפיעלען. מען האט געווארפען איין איי אין פובליקום, וועלכע האט געטראפען א פאליציאנט. נאכדעם ווי מען האט איינינע מאל געפרופט איינצורוהיגען דעם עולם, האט די פאליציי ארויסגעפיהרט די אונרוהמאכער.

דאן האט זיך פאר דעם טעאטער פערזאמעלט א המון פון 1000 מענשען, און אונטערגעהעצט פון די ארויסגעטריעבענע, האבען זיי אנגעהויבען צו מאכען א רעש. איינינע האבען געווארפען שטיינער די פאליציאנטען און סאלדאטען, וועלכע האבען געוואכט נעבען טעאטער. דאמאלס האט דער פאליציימייסטער ארויסגערופען 50 קאזאקען און מיט זייער הילף האט ער איינגעשטילט די אונרוהען אין אנוועזענהייט פון קוטאיסער גוּבערנאטער און פראקוראר פון אקרוזנאי סוד. דער פראטאקאל פון די אונרוהען צוזאמען מיט די ארעסטירטע מענשען זענען איבערגעגעבען געווארען דעם פראקוראר. בשעת די אונרוהען זענען פערוואונדעט געווארען 15 קאזאקען, 13 פאליציאנטען און 2 אפיציערען.

*

**דייטשלאנד.** — אין דייטשלאנד איז געגרינדעט געווארען א חברה אויף דעם ארט ווי די פאריזער „אליאנס" און די וויענער „אלליאנץ". אויף איינלאדונג פון 23 וויכטיגע קהל'שע מענשען אין בערלין זענען זיך צוזאמענגעקומען אין בערלין ענדע מאי דעלעגאטען פון פיעל יודישע קהלות אין דייטשלאנד, כדי צו גרינדען א חברה אונטער דעם נאמען „הילפספעריין פון די דייטשע יודען". דער הויפטצוועק פון דער חברה איז צו געבען הילף די יודען אין מזרח־אייראפא. יעדער מיטגליעד וועט צאהלען נישט ווענינער ווי 5 מארק יעהרליך. די חברה וועט ווערען געפיהרט דורך א צענטראל־קאמיטעט פון 75 מאן, וועלכע וועלען פון זיך אויסקליבען 17 מענשען פאר איין אקציאנסקאמיטעט.

די ערשטע ארבייט פון דער חברה וועט זיין צו געבען הילף די רומענישע יודען און אויך נאכצופארשען, וואו עס איז נייטהיג צו גרינדען שולען אין די מזרח־לענדער.

*

**שווייץ.** — אין דער שווייץ זענען דא 12,300 יודען, וועלכע זענען פרעסטענטיילס געקומען אין דעם לאנד אויס עלזאס מיט 30—40 יאהר צוריק. זיי וואהנען אין די גרויסע שטעדט ציריך, גענף, באזעל, בערן, לאשאדעראן, לאזאן און אנדערע, און פערנעהמען זיך על פי רוב מיט האנדעל. זיי האבען גרויסע געשעפטען פון פערטיגע קליידער א. ז. וו. די לעצטע 15 יאהר האבען זיך דארט בעזעצט 3000—4000 יודען אויס רוסלאנד און רומעניען. זיי זענען די ארימסטע צווישען די שווייצארישע יודען, און פערנעהמען זיך מיט מלאכות און קליינהאנדעל. וואס יודישקייט איז, ווייסען די שווייצארישע יודען זעהר ווענינ. זיי דאווענען און פערשטעהען נישט דעם פירוש המלות; זיי זענען מקיים די צערעמאניעס און ווייסען נישט זייער בעדייטונג. דער ערשטער פעריין פאר יודישע געשיכטע און ליטעראטור איז געגרינדעט געווארען דורך די רוסישע סטודענטען אין בערן.

*

**ענגלאנד.** — דעם 27/5 איז געוועזען איין אסיפה פון צענטראלקאמיטעט פון דער ענגליש ציוניסטישער פעדעראציאן אין לאנדאן, אויף וועלכע עס זענען געקומען דעלעגאטען פון די לאנדאנער פעריינען און אויס דער פראווינץ. דער סעקרעטאר האט פארגעשטעלט א ראפארט אין וועלכען ער האט אויפגעוויזען, אז די צאהל פון די פעריינען האט זיך פערגרעסערט פון 75 אין מערץ אויף 79 אין מאי. די אלגעמיינע צאהל פון די מיטגליעדער איז 8,969.

אויף דער אספה איז ה' פרענסיס מאנטיפיארי אויסגעקליבען געווארען אלס פרעזידענט פון דער פעדעראציאן.

דעמזעלבען טאג אויף דער נאכמיטאג־אספה איז אנגענומען געווארען אויף דעם פארשלאג פון פרעזעס דער פאלגענדער בעשלוס: די אספה געוואהר ווערענדיג מיט פערגניגען וועגען דער אאודיענץ, וועלכע דער סולטאן האט געגעבען ה. דר. הערצל, ה' וואלפסאהן און ה. אסקאר מארמארעק, דריקט אויס איהר פערעהרונג די אנפיהרער פון דער בעוועגונג פאר זייערע בעמיהונגען און צוגלייך זייער צוטרוי און איבערגעבענהייט צו זיי און צו דער ציוניסטישער פראגראמע.

— די קריסטליכע סעקטע „שומרי שבת" אין ענגלאנד האבען אבגעהאלטען איין אספה אין סוף מאי. דער צוועק פון דער אספה איז געווען צו איבערצייגען דעם פאלק וועגען דער הייליגקייט פון שבת און צו געפינען די בעסטע מיטעל ווי אבצוהיטען דעם דאזיגען טאג. דאס אבהיטען פון זונטאג אנשטאט שבת, זאגען זיי, איז אומשטאנד נור אבצושוואכען די יראה פאר גאט'ס תורה, און ווען קריסטען ווילען באמת מקיים זיין גאט'ס געבאט, מוזען זיי צוריקקעהרען צום שבת און אבהיטען איהם ווי עס שטעהט אין דער תורה. דער „דזואיש קראניקל", וועלכער ברענגט די ידיעה, בעמערקט אז א סך יודען וואלטען זיך געמעגט אבלערנען ווי צו האלטען שבת פון די דאזיגע קריסטען.

*

**אמעריקא.** — דאס סטאטיסטישע ביורא פון ניו־דזוערסי האט פערעפענטליכט איינינע ידיעות וועגען די יודישע קאלאניעס אין ניו־דזוערסי (פעראייניגטע שטאטען פון אמעריקא). פון די ידיעות ווערען מיר געוואהר, אז די אונטערנעהמונג, וועלכע איז געמאכט געווארען מיט 20 יאהר צוריק, איז זעהר געראטהען, און 4 יודישע קאלאניעס, וועלכע ליעגען נאהענט איינע פון דער אנדערער, געפינען זיך אין א בליהענדעם צושטאנד.

די קאלאניע „אליאנס" איז געגרינדעט געווארען אין 1882 יאהר דורך ניו־יארקער בעלי צדקה, וועלכע האבען געקויפט 1100 אקער ערד אין סעזאם פאר רוסיש־יודישע עמיגראנטען. 250 עמיגראנטען זענען געקומען אויפ'ן ארט, געטראפען אלעס נייטהיגע צום בעזעצען זיך און בעקומען יעדער 15 אקר ערד אויף אויסצאהלען במשך 33 יאהר. איצט איז „אליאנס" א לעבעדיגע, מונטערע קאלאניע, רייך מיט אקערפעלדער און וויינגערטנער. אונטער אמעריקא'ס פרייען הימעל זענען די קאלאניסטען געווארען מוטהיג, פרעהליך און זעלבסטשטענדיג.

די צווייטע קאלאניע „ראזענהיין" איז ענטשטאנען אויף דעמזעלבען אופן און היינט פערמאגט זי 800 איינוואהנער, איין אייזענבאהן, טעלעגראף, טעלעפאן, 200 הייזער, שפייכלער און שטאלען. די קאלאניסטען האבען שוין אויסגעצאהלט 50% פון זייערע חובות. אין דער קאלאניע זענען איינגעפיהרט די בעסטע אופנים פון לאנדווירטשאפט.

די קאלאניע „וואודביין" בעווייזט קלאר ווי מיט ענערגיע און פלייס קען מען מאכען פון א וויסטע איין גן־עדן. אין דער קאלאניע איז געגרינדעט געווארען א לאנדווירטשאפטליכע שולע דורך באראן הירש, וועלכע פלאנצט איין ליעבע צו ערדארבייט צווישען יודען. די שולפערמע פערמאגט 270 אקר ערד, א דרוקעריי, א חעמישעס לאבאראטאריום און א ביבלאטהעק. די מילכפראדוקטען פון דער פערמע זענען פראכטפאל און בכלל איז זי מוסטערהאפט איינגעריכטעט. די גאנצע ערד אין דער קאלאניע פערנעהמט 5300 אקר און יעדער קאלאניסט האט צו 15 אקר. די קאלאניסטען זענען גרעסטענטהיילס פון רוסלאנד און רומעניען. די העלפט האבען אייגענע הייזער און פון 50 פערמען האבען שוין 16 אויסגעצאהלט אלע זייערע חובות. די יודען לעבען זעהר גוט מיט די קריסטען (די קאלאניע בעשטעהט פון 160 יודען און 34 קריסטען). אין דעמזעלבען גוטען מעמד געפינט זיך אויך די קאלאניע „כרמל".

---

## אלגעמיינע וועלט נייעס.

**רוסלאנד.** — פערענדערונגען אין די שולען. עס ווערט געפלאנט איינצופיהרען איין ארט פון מיטעלשולען, נישט צווייערליי — גימנאזיעס און רעאלשולען ווי ביז היינט. אין די מיטעלשולען וועלען זיין 7 קלאסען. לאטיין וועט מעגען לערנען, ווער עס וועט וועלען. דאסזעלבע וועט אויך זיין מיט דער ענגלישער שפראך. גריכיש וועט מען לערנען נור אין 6 גימנאזיעס: אין פעטערבורג, מאסקווא, קיעוו, ווארשא און יוריעוו. לאטיין וועט מען אנהויבען לערנען פון 5־טען קלאס אן. דאס פראגראם פון די ערשטע 3 קלאסען וועט ווערען צוגעפאסט צו דעם פראגראם פון די אנפאנגס שולען. ווייטער וועט מען איינפיהרען איינינע נייע למודים. ווי די בעקאנטשאפט מיט די געזעצען פון לאנד, מען וועט פערגרעסערען דאס פראגראם פון נאטורוויסענשאפט, געאגראפיע און געשיכטע. אלע, וועלכע ענדיגען א מיטעלשולע, וועלען קענען איינ־

טרעטען אהן עקזאמען אין אוניווערזיטעט אויף דעם מאטעמאטישען פאקולטעט; אויף יוריסט און דאקטאר וועלען קענען שטודירען נור אזעלכע, וועלכע האבען אין גימנאזיום געלערנט לאטיין, אדער וועלכע האבען ביים אריינטרעטען אין אוניווערזיטעט געהאלטען איין עקזאמען אין לאטיין, און אין די פילאלאגישע אבטהיילונג פון אוניווערזיטעט וועט מען צונעהמען נור אזעלכע, וועלכע האבען געלערנט לאטיין און גריכיש.

— דער רוסישער קייזער האט מנדב געוועזען פאר די פינסקער נשרפים 10,000 רובל.

— עס איז געשטארבען אין מאסקווא דער מיליאנער ג. ג. סאלאדאווניקאוו. ער האט געלעבט כל ימיו זעהר איינפאך און קארג. פון זיין פערמעגען האט ער קליינע סומען אבגעזאגט זיינע קרובים (קינדער האט ער נישט געהאט) און דעם רעשט בערך 36 מיליאן רובל — אויף צדקה־זאכען, 12 מיליאן אויף עפענען נייע גימנאזיעס פאר מיידליך, 12 מיליאן אויף אנפאנגסשולען, וועלכע זאלען זיין אונטער אויפזיכט פון דער זעמסטווא, און 12 מיליאן אויף בויען הייזער מיט ביליגע וואהנונגען פאר ארימע לייט.

*

**איטאליען** — דער רוצח פון איטאליענישען קעניג הומבערט האט זיך דאס לעבען גענומען, ער איז געוועזען אבגעמשפט אויף אייביגע טורמע. די ערשטע 7 יאהר האט ער געדארפט זיצען אין זיין קאמער, נישט רעדען מיט קיינעם א ווארט און נישט זעהען קיין מענש אויסער דעם דירעקטאר פון דער טורמע, דעם דאקטאר (אין פאל פון א קראנקהייט) און דעם גלח (פאר דעם טוידט); נאך די 7 יאהר האט ער געמעגט ארויסגעהן שפאציערען צוזאמען מיט די איבריגע ארעסטאנטען, אבער נישט רעדען מיט קיינעם. זיין קאמער האלט 4 מעטר די לענג און $2^1/_4$ מעטר די ברייט. די טהיר איז בעשלאגען מיט אייזען און פערמאכט מיט קראטעס. דעם מאטראץ פלעגט מען אין דער פריה צונעהמען, כדי דער ארעסטאנט זאל נישט קענען שלאפען ביי טאג. עס איז נישט קיין וואונדער, אז דער ארעסטאנט האט נישט געקענט לאנג אויסהאלטען און געפונען איין עצה ווי פטור צו ווערען פון די יסורים.

*

**ארץ ישראל.** — אין ארץ ישראל זענען דא אין גאנצען 2 אייזענבאהנען: יפו — ירושלים און ביירוט — דמשק. די ערשטע האט געגעבען יעהרליך א גרויסען היזק און איז איבערגעגאנגען פער ליציטאציע אין אנדערע הענד (ווי מען דערצעהלט געהערט דער גרעסטער טהייל אקציעס צום פאריזער ראטהשילד); די צווייטע באהן, האטש זי טראגט איין ריוח, מוז איצט אויך פערקויפט ווערען. דער דייטשער קאנזול לעגט פאר דייטשע קאפיטאליסטען אבצוקויפען די דאזיגע אייזענבאהן.

*

— די נקמה פון איראפא. די צייטונג Paris-Nouvelles מאכט א חשבון אז די חינעזער האבען אין דער צייט פון די לעצטע מלחמות און אונרוהען אויסגעהרג'ט 242 אייראפעער. דאגעגען האבען די אייראפעער אויסגעהרג'ט חינעזער צעהנדליגע טויזענדער.

— דר. ענגעלס, דער פיהרער פון דעם סטאטיסטישען ביורא אין בערלין האט ארויסגעגעבען א חשבון פון די מענשען און געלד, וואס האבען אבגעקאסט די לעצטע מלחמות פון 1850 ביז 1890.

| | געהרג'ט געווארען מענשען | מיליאנען מארק |
|---|---|---|
| די קרימער מלחמה | 750,000 | 7,960 |
| איטאליענישע מלחמה אין 1859 | 45,000 | 1,200 |
| דענישע מלחמה | 3,900 | 140 |
| אמעריקאנישע מלחמה פון 1861—1866 | 800,000 | 27,200 |
| פרייסיש עסטרייכישע מלחמה 1866 | 45,000 | 1,220 |
| מעקסיקא — קאחינחינא | 65,000 | 800 |
| פראנצויזיש פרייסישע מלחמה 1870/1 | | |
| אויף פראנצויזישער זייט | 150,000 | 12,000 |
| אויף דייטשלאנדס זייט | 60,000 | — |
| בולגאריש סערבישע מלחמה | 25,000 | 709 |
| רוסיש טערקישע מלחמה | 250,000 | 4,600 |
| געגען אשאנטע מאלאבעלע | 30,000 | 35 |
| אפגאניסטאנער מלחמה | 25,000 | 52 |

סך־הכל זענען געהרג'ט געווארען 2 מיליאן 253 טויזענד מענשען און די מלחמות האבען געקאסט 47,916 מיליאן מארק. אין דעם איז נישט גערעכענט דער שאדען, וואס די וועלט האט געהאט פון די קראנקע און פערוואונדעטע.

---

## הערבסט־מאטיוו.

אך, שלעפריג שלעפט ניך דאס לעבען,
עס קריכט ווי א ווארעם די צייט;
עס האט מיר חלשות פערגליווערט
און קערט פון א זייט אויף א זייט.

די ווארימע, ליכטיגע שטראהלען
זיי זענען זיך ערגיץ אוועק;
און שרעקליך פעראומערט פון דענסטמאל
פערברייננ איך די בלייכינקע טעג.

פון אויבען די הימלען, די גרויע,
זיי הייגען כמעט אויפ'ן קאפ;
און האבען א פנים פון זקנים
און טריפען אלץ טרעהרען אראב.

די טרעהרען, זיי טריפען און דרינגען
דורך חמארע טומאנען ארוים,
און פארבען אין סערענקען קאליער
די גאסען און הייזער דורכאוים.

די הימלען, די לופט און די גאסען —
אלץ אומעטיג, סערע און שיוו,
און שטענדיג עס רייסט זיך און וואיעט
א קלעגליך־געוואלטיג מאטיוו.

אלץ עפים עס רייסט זיך און וואיעט,
און שליידערט די וואלקענס פארביי:
דאס אטהעמט דער כעסן — דער אסיען,
און זינגט זיינע ליעדער דאביי.

ער אטהעמט און טרייסעלט די בוימער
און מאכט זיי נאקעט און בלויז;
ער וויקעלט די ערד אין תכריכים
און הרג'עט די בלום און די רויז.

ער אטהעמט און קלאפט מיר אין פענסטער,
און שטערט מיר מיין רוהע און פריעד;
ער פייפט זיך ניין רציחה פונאנדער,
און זינגט מיר אונגעדליך ניין ליעד.

ער זינגט מיר פון עלענד און פיין,
ער זינגט מיר פון ארמוט און נויט;
ער זינגט מיר פון פוילנים און שווידער,
ער זינגט מיר פון קראנקהייט און טויט.

ער זינגט — און עס האפט ביי'ן נשמה
א משונה'דיג בינקען און שמארץ;
עס ציהט מיר אריבער א שווידער
און צופט מיין צוויי'טאגטעם הארץ.

עס צופט מיר, אוי גוואלד, און עס שווידערט
און עפים, איך ווייס ניט אליין,
צושמעלצט מיין פערגליווערטע זעעלע
און רייסט מיר ארוים א געוויין.

א. וואלט.

---

## דריי חופות.

### צוויי רויטע און איינע א שווארצע.

---

### דער צווייטער טהייל.

#### זעקסטעס קאפיטעל.

דאס שווערסטע ביי אונז, דאס וואס א בעל תשובה נעמט ביי אונז אויף זיך, אבצוקומען פאר די שווערסטע זינד — דאס וואנ־

דערן, „גלות ליידען", איז אין וואונדער־לאַנד זעהר אַ לייכטע זאַך און פֿערשאַפֿט נאָך פֿיעל פֿערגניגען.

דאָ, וואו מענשען זענען גוט, איז אַלץ גוט; פֿיהלט מען זיך אומעטום היימיש.

אויף וואס דו וואַרפֿסט איין אויג, דאָס בעגעגענט דיך מיט נחת, מיט שלום; דאָס שמייכעלט דיר אַקעגען, פֿון קלענסטען גרעזיל אין וואַלד ביז דער העכסטער, צום הימעל געוואַקסענער סאָסנע, ביז'ן שטאַרקסטען, צולייגטען דאָמב — לאַכט דיר אַלץ אַקעגען! טויזענדערליי פֿאַרביגע שוואָמען ניקען דיר צו מיט די פֿיינע קאַפּעלושען; די בלימליך רוקען אַרויס פֿון גראָז די קעפּליך און רופֿען דיר צו: „גוט מאָרגען"!" הויך־געקרייזטע ביימער פֿערבעטען דיך אין זייער שאָטען צום זיסען אַברוהען...

טרעפֿסט די אַ האָלצהעקער אין וואַלד, לעגט ער, אַז ער דערזעהט דיך נור, די האַק פֿון האַנד אַרויס און געהט מיט דיר, ווייזט דיר, וואו, פֿון וועלכען בוים עס רינט אַ דערפֿרישענדיגער זאַפֿט; וואו, פֿון וואַנען עס שפּרינגט אַרויס אַ העל־לעבענדיגער קוואַל; וואו, אויף וועלכע ביימער עס האַלטען זיך ביהנען מיט האָניג... אַלץ וואָס דיין האַרץ נור פֿערגליסט!

אַזוי גוט איז דיר אויך דאָס פֿעלד, וואו דער פּויער אַרבייט מיט געזאַנג; הערצליך בעגריסט ער דיך און ווייזט דיר, וואָס זיין „קאָביאַלקע" מיט מילך און ברויט איז פֿאַר דער זון בעהאַלטען. — „עס", בעט ער זיך; און איבער זיין קאָפּ פֿליהען אַרום זינגענדיגע שוואַרען פֿון פֿייגעל, ער יאָגט זיי נישט, ער קאַרגט זיי קיין קערנדיל נישט, גאָטס ברכה איז פֿאַר אַלע און זיי פֿליהען אַרום איהם און זינגען איהם צו צו דער אַרבייט... און די פֿייגעל דערקענען באַלד, אַז דו ביסט אַ פֿרעמדער, און בעגריסען דיך, און זינגען דיר אַ זמר— אַ גריס פֿון דער היים... „געוועזען דאָרט" — הייסט עס — געוועזען! אַלע, ברוך השם, געזונד!"

און וואו דו לעגסט דיין קאָפּ נישט אַנידער, אויף נינגאַלדענעם ווייכען מאָך אויף גאָלער ערד, אויף אַ האַרטען, דאַכט זיך, שטיין — שלאָפֿסט דו אַלץ רוהיג און געזונד איין... שמעקענדיגע ליפֿטליך שוועבען דיר אַרום פּנים, רוימען דיר די שענסטע חלומות אין אויער אַריין, און ווינשען דיר: „שלאָף, גוטער מענש, שלאָף— דאָ וועט דיר קיין בייז נישט געשעהן".

אין שטאָדט איז אויך נישט ערגער.

די הייזער זענען אָפֿען ווי די מענשליכע הערצער! דו געהסט דורך דער גאַס און די, וואָס אַרבייטען אין טיהרען און פֿענסטער, בעגלייטען דיך מיט גוטע אויגען, מיט האַרציגע ווערטער: „געה" אָדער „קום געזונד" הייסט עס און מען טהיילט זיך מיט דיר מיט'ן לעצטען ביסען, מיט'ן לעצטען טראָפּען...

נאָר וואונדערלאַנד האָט אויך איין עק און שלמה דער זיבענאונ־צוואַנציגסטער און זיין טאָכטער די בת מלכה זענען, פֿערקליידט אין שמאַטע־קלויבער, שוין אַריבער די גרעניץ...

אַזוי האָט די טויב געהייסען... ווייט, ווייט פֿון לאַנד; אין דער פֿרעמד וועט זיי קיינער נישט דערקענען!

און זיי וואַנדערן ווייטער, און וואָס ווייטער פֿון דער גרעניץ, ווערט אַלץ די רייזע שווערער און לעסטיגער. אַנדערע שטעדט, אַנדערע פֿעלדער און וועלדער, עס האָט זיך אַלץ איבערגעביטען; קלוגע און שלעכטע מענשען וואָהנען אינשטעדט און זיי האָבען זיך אַליין אין די הייזער ווי אין תפיסות פֿערשלאָסען, אויף שלעסער און ריגעל פֿערמאַכט!

יעדער טויער איז בעוואַכט; ביי יעדען טויער קוקט מען דיך אָן מיט חשד, אויגען און מיילער פֿרעגען דיך: ווער ביסט דו? וועמען האָסט דו דאָ?

בפֿרט אויף מיסט־קלויבער קוקט מען בייז! יעדער רוקט זיך אָב, ער זאָל זיך נישט אָבווישען אין'ם שמוץ; „ווייטער, ווייטער, מיסט איז אונטער דער שטאָדט, דאָרט קלויבען אַלטע ווייבער די אַלטע שמאַטעס! אַהין; אַהין;" טרייבט מען זיי פֿון די שטעדט, און די אַלטע ווייבער אונטער דער שטאָדט טרייבען זיי אויך אַוועק, „אונזער מוסט — נישט פֿאַר פֿרעמדע געמאַכט; אונזער חזקה! היימישע האָבען אויך קוים גענוג!" און דער מלך מיט דער בת מלכה וואַנדערן אַלץ ווייטער און ווייטער...

און דער האָלץ־העקער אין וואַלד קוקט אויף זיי מיט בייזע אויגען, און דער פּויער אויפ'ן פֿעלד ענטפֿערט אויף „גאָט־העלף" מיט אַ מאוסער קללה...

— פֿאַר וואָס טאַטישי, פֿרעגט שולמית — זענען זיי אַזוי בייז?

— „ווייל זיי אַרבייטען שווער און אָהן חשק; ביי דער אַרבייט אָהן נשמה קען נישט געראָטען; וואַקסען דערנער צווישען די זאַנגען, און כל'עס בייז אין די געדאַנקען אַריין! פֿערשאָלטענע מענשען זענען זיי, פֿערשאָלטען איז זייער אַרבייט, פֿערשאָלטען דער וואַלד און דאָס פֿעלד... מיט חיות רעות איז פֿול דער וואַלד, מיט דערנער דאָס פֿעלד און מיט קללות דאָס האַרץ; זיי זענען אויך דערנער, ברענענדיגע דערנער!"

און קיין פֿרייען פֿויגעל אין דער לופֿט זעהט מען נישט; מען שיעסט צו זיי, צו ליעב דעם קלענסטען נוצען, און אויך גלאַט אַזוי פֿאַר שלעכטקייט, דאָס האַרץ אָבצוקיהלען אָדער אַ קונץ צו בעווייזען — ענטלויפֿען זיי, די פֿייגעל... פֿליהען זיי שטיל דורך אין פֿערוואָלקענטע שטומע נעכט און קיין מענשליך אויער האָט שוין לאַנג זייער געזאַנג נישט געהערט...

און אויך קיין בלומען זעהט מען נישט... אויסגעריסען ווערען די בלומען; אויף זייער אָרט, ווערט עפּיס ניצליכס פֿערזייעט... און אַלע היימישע חיות און בהמות האָט מען אויסגעקוילערט און אויפֿגעגעסען...

און אַ מענש אָהן בלומען, פֿייגעל און היימישע חיות קען קלוג זיין, אָבער נישט גוט... יעדער האָט נור ז י ך אין זינען, און ווער עס קען זיך אַליין נישט העלפֿען און הויבט אָן פֿאַלען, פֿאַלט ער; און עס וועט איהם קיינער קיין האַנד נישט אויסשטרעקען אונטערצוהאַלטען, קיין ביסען דערלאַנגען, דאָס האַרץ צו דערקוויקען, קיין טראָפּען וואַסער די ליפּען זאָלען נישט פֿערברענען!

און ווער עס פֿאַלט אַרויס פֿון דער קאָלעע, פֿאַלט אַנידער און שטאַרבט אין דער שטיל אָדער הויבט זיך אויף, אַנדערע אויף זיין אָרט צו טייטען...

און פֿול זענען די טראַקטען מיט רוצחים און גזלנים, און פֿול מיט מיליטער און פּאָליציי, וואָס יאָגען זיי נאָך טריט ביי טריט...

און די לופֿט איז פֿול נישט מיט געזאַנג, נאָר מיט קללות און געשיסעריי...

און דאָ וואַנדערט דער מלך מיט דער בת מלכה אין שמאַטע־קלויבער פֿערשטעלט; דאָס געלד וואָס זיי האָבען געהאַט, איז זיי אויסגעגאַנגען, צום אומגליק האָבען זיי נאָך פֿערבלאָנדזעט, פֿרעגען זיי פֿון וואונדערלאַנד, לאַכט מען זיי אויס: עס איז אין ק י י ן גע־

אָגראַפיע קיין „וואונדערלאַנד" נישט בעצייכענט! אַלטע ווייבער פּלע־גען אַמאָל פּלוידערן פון וואונדערלאַנד, אַלטערטהומס־פאָרשער האָבען אַמאָל אַזוינע אַלטע קינדער־ליעדער געפונען, וואָס האָבען פון אויס־געטראַכטען וואונדער־לאַנד געזונגען, נאָר היינט האָט מען דאָס אַלץ פערוועהרט... דעם קליינסטען קינד טאָר מען היינט קיין שקרים נישט דערצעהלען; אמת גילט, ריינער נאַקיטער אמת...

— „משוגעים!" שאָקעלט מען מיט די קעפּ.

וואָלטען זיי די היימישע געוועזען, וואָלט מען זיי אפשר אין דול־הויז פערמאַכט: פרעמדע היילען און שפייען וויל מען נישט, טרייבט מען זיי: ווייטער, משוגעים! ווייטער, ווייטער;

און פון אַנשטעל איז איין אמת געוואָרען!

דער מלך מיט דער בת מלכה זענען אמת'ע שמאַטע־קלייבער גע־וואָרען...

כל זמן עס איז זומער געוועזען, האָבען זיי זיך נאָך אויף זייער מזל נישט בעקלאָגט... "די טויב ווייסט וואָס זי האָט געהייסען. עס וועט זיך אַלץ אויסלאָזען צום גוטען", טראַכט דער מלך שלמה, און שולמית טרייסט זיך מיט איהר איינציגען געדאַנק: מיין פאָטער וועט לעבען, לע־בען! געלויבט איז גאָט, עס וויל קיינער אויף מיר נישט קוקען!"

מאַנכעס מאָל האָט זי דאָך געזיפצט. צי האָט זי אַהיים געבענקט, צי קען זי, ווי דער פאָטער שמייכעלט אום איהר מיט נוטען, דעם קונסט־שטיקער ביי דער גרעניין נישט פערגעסען? נאָר עס האָט זיך נאָך לייכט געזיפצט...

אנדערש איז אָבער געוואָרען ווינטער־צייט.

אַ שווערער ווינטער, וואָס מען זעהט גאָר נישט אין וואונדער־לאַנד, האָט פערקאָוועט די ערד. פּלוצלינג איז ער אָנגעקומען, ווי אַ ווילדער רוצח בעפאַלען, און נאָך זיין ערשטען הויך איז געפאַלען אַ רעגען פון דערפרוירענע פייגעל...

און אַלץ איז שטאַר און געפרוירען...

און אויף שלמה'ן דעם זיבען־און־צוואַנציגסטען איז אַ שווערערע שטראָף געקומען ווי אויף זיין אוהר־אוהר־עלטער זיידען...

אין צעריסענע קליידער וואַנדערט ער מיט שולמית זיין טאָכטער; פערהונגערט, דערפרוירען... אפשר וואָלט ער אויך שוין גערופען: "אֲנִי שלמה", נאָר ער ווייסט, אַז דאָ גלויבט מען נישט, נישט נור אין שלמה, נאָר אַפילו אין זיין מלוכה—אין וואונדערלאַנד...

און "בעטלען" איז שטרענג פערבאָטען. אויף אַלע טיהרען און טהויערען הענגען פערגילטע טעוועליך: בעטלען איז שטרענג פערבאָ־טען... איינמאָל האָט דער אַלטער אויסגעשטרעקט די הענד און אַ באַרמ־הערציגע דאַמע האָט איהם נישט איבערגעגעבען דער פּאָליציי און מיט רחמנות דערלאַנגט—אַ בראָשורע, זעהר אַ קלוגע; געהייסען האָט זי: העלף דיר אַליין!

און ער העלפט זיך ווי ער קען. ער בויגט זיך איבער'ן מיסט אונ־טער דער שטאָדט און גראַבעלט מיט די פערשטאַרטע הענד. די אַלטע ביינער קנאַקען... אַ פרייע וועלט, נור אַז מען איז מיסט־קלייבער, גלויבט מען עס!

און אָקעגען שטעהט די בת־מלכה... שוואַך זענען איהרע הענד, פון פראָסט פּלאַצט איהר די דינע הויט, דאָס גראָב־אייזען לעכערט איהר דאָס פליישׁ...

זי גראָבט, און טראָפּען בלוט רינען פון דער פערוואונדעטער האַנד און ווערען צונעפרוירען צום גראָב־אייזען...

דאָס האָט דער אַלטער מלך קאַלט־בלוטיג צוזעהן נישט גע־קענט.

ער האָט זיך צווויינט.

— האָסט געזינדיגט, טאָכטער! — האָט ער אויסגערופען מיט ביטערקייט — און דאָס איז אונזער שטראָף...

— געזינדיגט? שטאַמעלט שולמית.

— יאָ, טאָכטער... שטאָלץ ביזט דו געוועזען אין האַרץ, זעהר שטאָלץ! האָסט געוואָלט זיכער זיין מיט דיין גליק, אין דער האַנד האַלטען... גאָט אָבער וויל נישט אַזוי! גליק איז נישט קיין פייגעלע צו האַלטען אין שטייג! ער וויל, אַ מענש זאָל האָפען און גלויבען! מיט האַלב־פערמאַכטע אויגען זאָל יעדערער נאָכגעהען זיין שטערן, זיין מזל, אַזוי וויל ער!

שטיל וויינט שולמית, און שלמה זאָגט ווייטער:

— דאָס איז נאָטש שטראָף... מיר וועלען שוין דאָ בלייבען... מיר וועלען שוין גלויבשטיין און וואונדערלאַנד צוריק נישט זעהען!

שולמית רעכענט אויך, אַז דאָ איז דער סוף פון אַלעס.

— צונד—טראַכט זי—מעג איך איהם אויסזאָגען אַלץ, אַלץ... זאָל מיר חאָטש געהען פון דער וועלט אָהן סודות איינער פאַר'ן צווייטען, מיט אָפענע הערצער! זאָל מיין פאָטער מיך אומזיסט נישט בעשול־דיגען!

און זי פאַלט צו צום פאָטער, און נעמט איהם אַרום און, קושענ־דיג און האַלזענדיג, דערצעהלט איהם אַלץ...

נישט שטאָלץ איז זי געוועזען, נור פאַר זיין לעבען האָט זי גע־פאָרכט...

דער קוקו האָט געזאָגט, די כשוף־מאַכערין... ער וואָלט נור ביז צו איהר חופה דערלעבט...

מיט קאַלטע, געפּלאַצטע ליפּען קושט זי דער אַלטער שלמה:

— שרעק נישט, אויב אַזוי—רופט ער אויס מיט פרייד—וועט אונז גאָט העלפען! וועט ער אונז נישט פערלאָזען...

אין דער זעלבער רגע האָט זיך דערהערט אַ דעמפּיג געקלאַנג פון דער ערד און פון ווייטענס האָבען זיך צוויי רייטער בעוויזען...

אויף ווילדע פערד, וואָס זענען ווי אָדלער געפלויגען, מיט בלאַנ־קע שווערטער אין די הענד.

— דאָס זענען זיי, דאָס! האָט איינער גערופען צום צווייטען, און דאָ וועט זיין זייער עק!

— רוצחים! האָט שלמה אויסגעשריגען מיט שרעק און האָט אומ־זיסט געזוכט מיט די אויגען איין אָרט, וואו צו ענטרינען, וואו זיך צו בעהאַלטען! אַ פרייע פעלד, אָהן אַ הייל און אָהן אַ בוים...

— זאָל אונז בעסער די ערד איינשלינגען! האָט ער אויסגערו־פען—איידער זיי אין די הענד אַריינ־צו־פאַלען!

(פאָרטזעטצונג קומט).

ל. פּרץ.

---

# דרייפוסעס שריפטען.

## צוריק קיין פראַנקרייך.

מאָנטאָג דעם 5־טען יוני, נאָך האַלבען טאָג איז אין מיין שטי־ביל גיך אריינגעקומען דער נאַטשאַלניק פון די וועכטער און האָט מיר איבערגעגעבען דאָס דאָזיגע פּאַפּיער.

„באַלד זאָלט איהר איבערגעבען דעם קאַפּיטאַן דרייפוס דעם דאָזיגען בעשלוס: דער בית דין האָט אָרכגענומען דעם בעשלוס

„פֿון 22־טען דעצעמבער 1894 ווענען דעם פּראָצעס פֿון אלפרעד „דרייפוס.

„לויט דער דאָזיגער בעשטימונג ווערט קאַפּיטאַן דרייפוס אוים „פּעראוטהיילטער, ער בלייבט נור בעשולדיגטער און מעג טראָגען זיין „אָפּיצירסקען מונדיר.

„דאס שיף „ספּאקס" געהט היינט ארוים פֿון פֿראנקרייך צום „טייוועלס אינזעל, כדי צו ברייננען דעם ארעסטירטען קיין פֿראנקרייך, „גיט איבער דעם קאַפּיטאַן דרייפוס ווענען דעם בעשלוס פֿון בית דין „און ווענען דעם אָבנעהן פֿון דעם שיף „ספּאקס"..

מיין שמחה איז געווען אָהן א שיעור און ניט צו בעשרייבען. איך בין ענדליך ארויסגעגאַנגען פֿון דער שרעקליכער געפֿענגניש וואו איך בין געווען פֿערשלאָסען א צייט פון פֿינף יאָהר, ליידענדיג פאר מיין פרוי און פאר מיינע קינדער מעהרער ווי פֿאר זיך.

נאך שרעקליכע יסורים איז דאָך געקומען די האָפֿנונגען אויף גליק. דער שיין פֿון אמת האט ענדליך אָנגעהויבען לייכטען פֿאר מיר אויך. נאָך דעם בעשלוס פֿון בית דין האב איך געגלויבט אז אלע מיינע צרות האבען גענומען א סוף, אז איצטער זענען געבליבען אייניגע פארמאלנאסטען.

ווענען מיין געשיכטע האב איך גאָר ניט געוואוסט, אויסער דאָס וואָס איז פֿאָרגעקומען אין 1894. איך האָב געגלויבט אין די גערעכטיגקייט פֿון גענעראל בואדעפֿר, איך האב געגלויבט אין דעם קאָפּ פֿון לאנד — אין פרעזידענט פֿעליקס פאָר. מיינע אויגען זענען ווי פֿערבונדען געווען די גאַנצע צייט און מיט יעדען טאָג ווייטער האב איך וועניגער און וועניגער געזעהן. אייניגע פֿאקטען, פֿון וועלכע איך האב זיך דערוואוסט די לעצטע חדשים, האב איך נישט פֿערשטאַנען. דאס ערשטע מאָל האָב איך געהערט דעם נאָמען עסטערהאזי, זיך דערוואוסט פֿון קאַפּיטאַן אנריים פאלשע פּאַפּירען און ווענען זיין זעלבסטמאָרד, א שייכות אין דיענסט האב איך נור געהאט מיט פּאלקאָווניק פּיקאר. דאָס גרויסע ראנגלען זיך, וואס עטליכע גרויסע מענשען האָבען פֿאָרגענומען אום צו געפינען ליכטיגקייט און אמת, איז מיר כלל ניט געווען בעוואוסט.

אין דעם פּאַפּיער, וואָס מען האט מיר איבערגעגעבען, האב איך נור פֿערשטאַנען, אז מיין אונשולדיגקייט האט מען ענדליך מודה געווען און אז דעם מיליטערישען בית דין בלייבט נור צו פֿערריכטען דעם פֿעהלער, וועלכען ער האָט געגען מיר בעגאַנגען.

אין דעם טאָג 5־טען יוני האב איך איבערגעגעבען, מען זאָל אוועקשיקען מיין פרוי די דאָזיגע טעלעגראַמע: „מיט דער נשמה און מיט דעם הארץ בין איך מיט דיר, מיט די קינדער, מיט אלע. מיט איין אונענדליכער פֿרייד וואַרט איך אויף די מינוטען פֿון גרעסטען גליק, ווען איך וועל דיך צודריקען צו מיין הארץ. טויזענדע קושען".

אבענדס איז פֿון קאיענע געקומען א בריגאַדע זשאנדארען, וואס האבען פֿערביטען די וועכטער, וועלכע האָבען מיך ביז איצט געהיטען אלס פֿערברעכער. איך האָב געזעהן ווי די וועכטער האָבען אוועקגעוואָרפען זייערע פּאַסטען און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען אז איך חאָב זיך אויף פֿון א שרעקליכען חלום. איך האָב לאַנג געוואַרט ווען דאס שיף „ספּאקס" וועט אָנקומען. דאָנערשטאָג אבענד האב איך פֿון דערווייטענס בעמערקט א רויך, באלד האב איך זיך דערוואוסט אז דאָס איז א מיליטער־שיף, נאָר עס איז שוין געווען צו שפּעט, מען זאָל קענען צו דעם שיף צופֿאָהרען.

דעם 9־טען יוני פֿרייטאָג פריה 7 א זייגער האָט מען נאָך מיר פֿון „ספּאקס" געשיקט א קליין שיפֿיל. איך האב ענדליך אוועקגעלאָזט די פֿערשאָלטענע אינזעל, וואו איך האָב אזוי פיעל געליטען. „ספּאקס" איז געשטאַנען ווייט פֿון אינזעל. ווען מיר זענען צוגעפֿאָהרען צו דעם שיף, האָט מען אונז לאנג ניט ערלויבט ארויפֿגעהן און אונז אזוי געהאלטען אין קליינעם שיפֿיל מעהר ווי צוויי שעה. דער ים איז געווען זעהר אונרוהיג און אונזער קליין שיפֿיל האט געשפּרונגען אין די גרויסע חוואַליעס פֿון דעם אטלאנטישען אָקעאַן. איך בין געווען קראַנק, ווי אויך אלע אנדערע, וואס האבען זיך אין דעם שיפֿיל געפֿונען.

בערך 10 א זייגער האָט מען געגעבען א בעפֿעהל, אז מיר זאָלען ארויפֿגעהן אויף דעם שיף. דאָרט האָט מיך בעגעגנט איין אָפיציר, ער האָט מיך אריינגעפֿיהרט אין איין קאיוטע פאר איין אונטער־אָפיציר, וועלכע מען האָט ספּעציעל פֿאַר מיר אָבגעטהיילט. אין פֿענסטער זענען געווען אריינגעשטעלט אייזערנע גראַטעס (איך מיין, אז די גראַטעס זענען געווען די סבה, וואָס מען האט אונז אזוי לאַנג ניט ארויפֿגעלאָזען אויף דעם שיף). די גלעזערנע טיהר האָבען אָבגעהיט צוויי וועכטער. אבענד האָט „ספּאקס" זיך אראָבגענומען פֿון דעם אנקער און ער האָט אָנגעהויבען צו געהן.

מיט מיר האָט מען זיך אויף דעם שיף בעגאַנגען ווי מיט איין ארעסטירטען אָפיציער, איך האָב געמעגט שפּאַציערען אויף דער פּאלובע איין שעה אין דער פריה און איין שעה פֿון אבענד, די איבריגע צייט בין איך געווען פערשלאָסען אין מיין קאיוטע.

זונטאָג דעם 18־טען יוני זענען מיר אָנגעקומען צו די „גרינע אינזעלן" וואו דאָס שיף האט זיך אָנגענרייט מיט קוילען און האָט ווייטער אָנגעהויבען געהן דעם 20־סטען דיענסטאָג.

דעם 3־טען יוני זענען מיר שוין געגאַנגען ביי די ברעגען פֿון פֿראַנקרייך. נאָך פינף יאָהר יסורים האב איך זיך אומגעקעהרט צו זוכען דעם אמת. דער שרעקליכער חלום האָט זיך געענדיגט. איך האב געגלויבט אז מענשען ווילען זיך מודה זיין אין זייערע פֿעהלער, איך האב געוואַרט זיך זעהן מיט מיינע נאָהענטע, נאָך ווי האב איך געזעהן מיינע חברים, וועלכע עפענען מיר זייערע ארעמס מיט טרעהרען אין די אויגען און דערמזעלבען טאָג האָב איך געזעהן מיין טעות און דאָס האָט אויף מיר געמאכט דעם ערשטען טרויריגען, ביטערען איינדרוק.

דעם 30־טען פריה האט דאָס שיף אראבגעלאָזט דעם אנקער און זיך געשטעלט. מען האָט מיר געזאָגט אז מען וועט נאָך מיר שיקען א שיפיל, נאר וואוהין דאָס שיפיל וועט מיך פיהרען, האב איך ניט געוואוסט. פֿאַר דער גאַנצער צייט פֿון דער רייזע האט מען מיט מיר קיין איבריג וואָרט גערעדט אויסער דאָס נייטהיגסטע. עטליכע מאָל זענען צו „ספּאקס" צוגעפֿאָהרען מענשען און זענען אוועק צוריק, א גאַנצען טאָג האט מען אומזיסט געוואַרט אויף דעם בעפֿעהל מען זאל צוקומען צום ברעג. עס איז נאַכט געוואָרען און עס האט אנגעהויבען געהן א רעגען, ווען עס איז שוין גאָר אין גאַנצען פֿינסטער געוואָרען, האָט מען מיר געזאָגט אז נאָך מיר וועט באלד קומען א דאמפּפֿשיף.

9 א זייגער פֿון אווענד האט מען מיר איבערגעגעבען אז דאָס שיפֿיל, וואָס דאַרף מיך אָבפֿיהרען צום דאמפּפֿער, איז שוין אונטען און דער לייטער איז אראָבגעלאָזט.

איבער דעם אונרוהיגען וועטער האט דאָס שיפיל ניט געקענט צוגעהן נאָהענט, עס האט געשפּרונגען, איבער די גרויסע חוואַליעס,

וועלכע האבען עס אונטערגעוואָרפען. מיט פיעל מיהע האט מען געקענט געהן אויף דעם לייטער, אז מען זאָל די וואָג ניט פערלירען. איך האָב ניט געקענט אויסרעכנען מיין שפרונג אין שיפיל און האב זיך א שטארקען קלאפ געגעבען. דאָס שיפיל האָט זיך גערירהרט אין א נוס רעגען. פון דער קעלט און נעטץ, פון אויפרעגונג און דעם וועהטאָג פון דעם שטאַרקען קלאפ, האָב איך געחאפט א שטאַרקען פיבער און געהאַלטען אין איין ציטערן, עס האָט אין מיר געקלאפט איין צאָהן אין דעם אנדערן און מיט אלע קרעפטען האב איך זיך קוים איינגעהאַלטען. נאָך דעם משונע'נעם איבערפאַהרען איבער די רעש'ענדיגע חוואליעס זענען מיר ענדליך צוגעקומען צום דאַמפפער אויף וועלכען איך האב קוים געקענט ארויפגעהן ליידענדיג פון דעם קלאָפ אין די פיס. דאַ האָט זיך אויך קיינער צו מיר ניט געווענדעט מיט קיין וואָרט. דער דאַמפפער האָט זיך גערירהרט און האט זיך ווידער אָבגעשטעלט, ארום מיר איז געווען דאָסזעלבע שטילקייט. נאָך איינע אָדער צוויי שעה ווארטענדיג האט מען מיר געזאָגט, אז איך דאַרף זיך ווידער אראָבלאָזען אויף א שיפיל אום צוצופאָהרען צום ברעג.

די נאכט איז געווען פינסטער ווי פריהער, דער רעגען האָט געגאָסען ווי מיט עמער, נאָר דער ים איז געווען שטיל. איך האָב פערשטאַנען אַז מיר זענען אין פאָרט. האלב דריי אין דער פריה זענען מיר געקומען אויפ'ן ברעג. מען האָט מיך אריינגעזעצט אין אַ קאַרעטע מיט א זשאנדארמסקען קאפיטאַן און מיט צוויי זשאַנדארען. צווישען צוויי שורות סאָלדאַטען האָט מיך די קאַרעטע געבראַכט אויף דער סטאַנציע פון באַהנהויף. אויף דעם וואַגזאַל בין איך מיט די זעלבע בענלייטער אריינגעגאַנגען אין וואַגאָן און נאָך צוויי־דריי שעה רייזע האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט אויף א סטאַנציע. דאַ האָט ווידער געוואַרט אַ קאַרעטע, מיט וועלכער מיר זענען גיך געלאָפען איבער די גאַסען פון שטאָדט, דערנאָך זענען מיר אריינגעפאָהרען אין אַ הויף און ווען איך בין ארויסגעגאַנגען פון דער קאַרעטע, האָב איך זיך דערוואוסט אַז איך געפין זיך אין דער מיליטערישער טיורמע אין דער שטאָדט ר ע ן. עס איז געוועזען זעקס אַ זייגער אין דער פריה.

עס איז צו פערשטעהן מיין וואונדערונג, מיין טרויער, מיין אויסער זיך זיין פון אַזאַ אומקעהרען זיך אין מיין פאַטערלאַנד. דאָרט וואו איך האָב גערעכענט צו געפינען מענשען, וואָס זאָלען זיך צוזאַמעננעמען מיט איין צוועק צו קלארקייט און. צום אמת מען זאָל מיך צווינגען אַז איך זאָל פערגעסען מיינע איבערגעלעבטע יסורים און שרעק פון דעם גרויסען פערברעכען, וואָס זיי האָבען געטהון געגען מיר, האָב איך נור געפונען געזיכטער, וועלכע האָבען געקוקט אויף מיר מיט אַ חשד און פאָרגענומען געגען מיר שטרענגע מיטלען. צום גליק האָב איך אין די לאַנגע טרויריגע חדשים פון מיין געפענגניש געקענט אויסארבייטען אין מיר קראַפט זיך צו ראַנגלען מיט יסורים און פיין.

דאָס איז געוועזען דעם 1־טען יוני. 9 אין דער פריה האט מען מיר געזאָגט אז אין עטליכע מינוט וועל איך זעהן מיין פרוי אין דעם צווייטען צימער פון מיר. אין דעם צימער ווי אין מיינעם איז דאָס פענסטער אויך געוועזען פערמאַכט מיט גראַטעס פון האָלץ. נאָר מען האָט געקענט זעהן וואָס טהוט זיך אויף דעם הויף. דאָרט איז געוועזען אַ טיש מיט שטוהלען. ווי קרעפטיג איך בין ניט געוועזען און ווי איך האָב זיך געסטאַרעט געוועלטיגען איבער זיך, האָב איך זיך ביים ערשטען זיך זעהן מיט מיין פרוי ניט געקענט איינהאַלטען פון טרעהרען. זיי האבען זיך געגאָסען פון מיינע אויגען, וועלכע האָבען זיך שוין לאַנג אָבגעוועהנט פון וויינען.

דאס געפיהל, וואָס האט מיך און מיין פרוי ארומגעחאפט אין דער מינוט פון אונזער זעהען זיך, איז צו שטאַרק, מען זאל עס קערנען ריכטיג איבערגעבען מיט מענשליכע ווערטער. אין דעם זעהען זיך איז געוועזען אלעס, זאָרג און פרייד, מיר האָבען זיך געסטאַרעט אויף אונזערע געזיכטער איבערצולייענען די אלע יסורים, וואָס מיר האָבען איבערגעלעבט זייט אונזער צושיידען, מיר האָבען געוואָלט ארויסזאָגען אלעס, וואָס איז געוועזען צוגעקוועטשט, דערשטיקט אין אונז אזוי פיעל יאָהרען, נאָר די ליפען האָבען זיך ניט געעפענט צו רעדען, מיר האָבען נור געקוקט איינע אויף די אַנדערע אין די אויגען, און אין די דאָזיגע בליקען האָבען מיר אריינגעלעגט די גאַנצע קראַפט פון אונזער ליעבע. דאָס וואָס איין אָפיציער איז געוועזען ביי אונזער זעהען זיך האָט אונז געשטערט. איך האב גאָר ניט געוואוסט פון אלעס, וואס איז פארגעקומען אין די פינף יאהר. איך בין געפאָהרען צוריק קיין פראַנקרייך מיט פיעל גלויבען — פון דעם גלויבען האב איך שוין אַ סך פערלאָרען אין דער נאַכט פון מיין קומען קיין פראַנקרייך, איך האָב ניט געוואַגט פרעגען מיין טייערע פרוי, איך האָב ניט געוואָלט אָנטהון איהר קיין יסורים, איך האָב געוואוסט, אַז זי וויל בעסער אז מיינע פערטהיידיגער זאָלען מיר אליין אַלעס דערצעהלען.

דעם 3־טען יולי זענען געוועזען ביי מיר מיינע פערטהיידיגער ד ע מ א נ ז ש און ל א ב א ר י. איך האב זיך דעמאַנזשען געוואָרפען אויף דעם האַלז. ער האָט מיר פאָרגעשטעלט ל אַ ב אָ ר י, דעם זעלטענעם פערטהיידיגער פון דעם אמת, איך האָב איהם ארויסגעזאָגט מיין טיעפען דאַנק. דערנאָך האט דעמאַנזש אָנגעהויבען פון „א ביז ת" מיך בעקאָנען מיט דעם „פראָצעס". איך האָב געהערט האפענדיג דעם אָטהעם און מיין מוח האט צוביסליך אנגעהויבען צו בעגרייפען דאָס גאַנצע פערפלאָנטעניש פון מיין פראַצעס. די ערשטע בעקאַנטשאַפט מיט דעם „פראָצעס" האָט דערפולט לאַבאָרי. איך האב זיך דערוואוסט פון א לאַנג צעטעל נידערטרעכטיגקייטען, שווינדלעריי, פערברעכען, וואס איז אַלס געטהון געוואָרען מיט איין צוועק מיך צו בעשולדיגען.

איך האב זיך דערוואוסט ווענען די אויסגעקליבענע געצעהלטע מענשען מיט גרויסע הערצער, גרויסע כאַראַקטערען, וועלכע האָבען זיך מיט אזאַ העלדענטהום געוואָרפען זיך ראַנגלען געגען ליגען און פאר די מענשליכע גערעכטיגקייט.

פאר מיר, וואָס איך האָב פון קיין זאַך ניט געוואוסט, איז דאָס געווען אַ איבערקעהרעניש אין אלע מיינע געדאַנקען. די געשטאַלטען פון פריהערדיגע נאטשאלניקעס האָבען איצטער ביי מיר אַנדערש אויסגעזעהן, איך בין ווי צומישט און טרויריג געוואָרען. איך האָב בעדויערט די ארמעע וועלכע איך האָב אַזוי ליעב געהאַט.

דערנאָך האב איך געזעהן מיין ברודער מַתִּתְיָהוּ, וועלכער האָט געגלויבט אין מיר פון דער ערשטער מינוט אָן, וועלכער האָט מיך, פערטהיידיגט אלע פינף יאָהר, וועלכער האָט בעוויזען אַ שענעם ביישפיעל פון ברידערליכער איבערגעבענקייט.

אויף דעם צווייטען טאָג, דעם 4־טען יולי האָבען מיר די אַדוואָקאַטען געגעבען אלע בעריכטען פון מיינע פראָצעסען אין 1898

יאהר, אלעס וואס איז דערנאך פארגעקומען אין פאלאטע און די דעבאטען אין קאסאציאנעס בית דין. איך האב זאלא'ס פראצעס איבערגעלעזען ביי נאכט און האב זיך פון לעזען ניט געקענט אבריסען. איך האב געזעהן ווי מען האט ז א ל א'ן פעראורטהיילט דערפאר, וואס ער האט זיך געוואלט דערשלאגען נור צום אמת, דערפאר וואס ער האט גערעדט אמת, איך האב איבערגעלעזען די פאלשע שבועה פון בואדעפערן. נאר ביי דעם האט זיך מיין טרויער פערגרעסערט זעהענדיג ווי מענשען זענען פערבלענדעט געווארען, אנלעזענדיג זיך אלע אונריכטיגקייטען געגען דעם אמת. א טיפעס געפיהל פון דאנקבארקייט און בעוואונדערונג האט זיך אין מיין הארץ אויפגעהויבען צו די וועלכע האבען זיך מיט בריה־שאפט געווארפען אין דער מלחמה פאר דעם אמת, וואס ער איז פון תמיד אן דער פונדאמענט פון דעם מענשליכען לעבען. דערנאך האב איך איבערגעלעזען די זעלטענע ווערטער פון ה' מארנאר, וועלכען איך האב שטענדיג געשעצט אלס בעריהמטען אדוואקאט. איצט איז ער אין מיינע אויגען נאך גרעסער געווארען.

אין דער צייט האב איך פון פראנקרייך, פון אייראפא און פון דער גאנצער וועלט בעקומען טויזענדער בריעף פון בעקאנטע, פריינד און גאר אומבעקאנטע; איך בין ניט בכח געוועזען צו ענטפערען אויף יעדען בריעף, נאר דא וויל איך זאגען ווי דאס מיטפיהלען אין די בריעף האט מיך גערירט ביז צום הארץ און מיין אויסגעמוטשעטע נשמה צוגעגעבען א סך קרעפטען.

איך האב זעהר פיעל געליטען פון איבערגעביטענעם קלימאט און ניט קוקענדיג וואס עס איז זומער, האב איך זיך געמוזט אנטהון אין ווארמע קליידער, ווייל די גאנצע צייט איז מיר קאלט געוועזען.

אין די לעצטע טעג פון חודש יולי בין איך קראנק געווארען אויף א שטארקען פיבער, און האב זעהר פיעל געליטען פון דעם מאגען. איך האב זיך געלעגט אין בעט, נאר אדאנק וואס מען האט מיך ענערגיש געהיילט, בין איך גיך פון בעט אויפגעשטאנען.

מיין פראצעס אין ר ע ן איז געוועזען בעשטימט אויף דעם 9-טען אויגוסט. איך האב קוים געקענט געוועלטיגען איבער מיינע נערווען פון אונגעדולדקייט, וועלכע האט זיך נאך פערגרעסערט, דערמאנענדיג זיך אין מיין פרוי וועלכע איז שוין געוועזען אויסגעמוטשעט פון אויפרעגונג. אוי, ווי האבען מיר שוין געוואלט איין ענדע! איך האב געברענט מיט אונגעדולד זעהן מיינע טייערע ליעבע קינדערליך, וועלכע האבען ביז איצט געלעבט ניט וויסענדיג פון קיין זאך, איך האב הייס געוואלט מיט זיי און מיט מיין פרוי, ענדליך פערזוכען די פאמיליענ-רוה, פערגעסען די פערגאנגענע יסורים און אנהויבען א ניי לעבען.

איך וועל דא ניט דערצעהלען אלעס וועגען דעם אין ר ע ן, ניט קוקענדיג אויף די פיעל בעווייזע, געגען דעם אמת און געגען די געזעצען בין איך פעראורטהיילט געווארען.

צוויי שטימען האט מען געגעבען פאר מיר, צוויי געוויסענס האבען זיך אנגערופען פאר דעם אמת.

אויף דעם צווייטען טאג האב איך אנגעשריבען א ביטע, מען זאל איבערקוקען מיין פראצעס, האטש איך האב דערויף ניט ארויפגעלעגט קיין גרויסע האפנונגען. איך האב געוואלט געהן נאך ווייטער— אין קאסאציאנעס בית דין, מען זאל ענדיגען דאס, וואס זיי האבען אנגעהויבען צוליעב דעם אמת און גערעכטיגקייט. נאר איך האב דערויף ניט געהאט קיין אורזאכען, ווייל לויט דעם געזעטץ פון 1895 דארף מען דערצו האבען א וואסער עס איז נייעם פאקט, אדער א בעוויז אז עס איז געוועזען פאלשע עדות.

מיין איינגעבען די אפעליאציע האט מיר נור געגעבען די מעגליכקייט, איך זאל געווינען די צייט. איך האב די אפעלאציע אונטערגעשריעבען דעם 9-טען סעפטעמבער. דעם 12-טען זעקס א זייגער אין דער פריה איז מיין ברידער מתתיהו געוועזען ביי מיר. ער האט בעקומען איין ערלויבניש פון קריגס-מיניסטער גענעראל ג א ל י פ ע, מיך זעהן אין מיין קאמער אהן עדות. מיר האט מען פארגעלעגט׳ מען זאל מיר מוחל זיין, נור מיט דעם תנאי איך זאל צוריקנעמען מיין אפעלאציע. האטש איך האב קיין גוטע רעזולטאטען ניט געקענט ערווארטען פון מיין אפעליאציע, נאר פונדעסטוועגען האב איך זיך געקווענקלט זי צו נעמען צוריק, ווייל איך האב ניט געברויכט נעמען מיין פרייהייט אלס נדבה, אבער פון דער צווייטער זייט, האט מיין ברודער מיר דערוויזען, אז מיין שוואך געזונד וועט לאנג ניט קענען איבערטראגען דאס לאנגע ראנגלען זיך ביי אזעלכע בעדינגונגען, אין וועלכע איך געפין זיך איצטער, און אז מיין פרייהייט וועט מיר געבען מעהר מעגליכקייט צו דערווייזען דעם אמת.

איך האב זיך דערמאנט די יסורים, וואס מיין פרוי און מיינע קרובים ליידען איבער, איך האב זיך דערמאנט אן מיינע קינדער, וועלכע איך האב נאך ביז איצט ניט געזעהן, און דער געדאנק האט מיך ניט אבגעלאזען זייט איך בין אוועק פון פראנקרייך.

איך בין בעשטאנען צוריק צונעהמען מיין אפעלאציע און פערשטעהט זיך, אז איך האב זיך פעסט בעשלאסען דורכאוים צו פערלאנגען, מען זאל איבערקוקען מיין פראצעס אין ר ע ן.

אין דעם טאג פון מיין בעפרייען האב איך אנגעשריבען די דאזיגע בעמערקונג:

„די רעפובליקאנישע רעגירונג האט מיר אומגעקעהרט די פרייהייט, זי איז אבער ביי מיר גאר נישט אהן מיין עהרע. איך וועל „איצטער אהן א אויפהער ארבייטען, אז מען זאל מיין פראצעס איבער„קוקען און אז מען זאל פערדעכטען דעם פעהלער, וועלכען מען האט „געגען מיר בעגאנגען. איך וויל אז גאנץ פראנקרייך זאל פון א „לעצטען משפט וויסען, אז איך בין אונשולדיג. מיין הארץ וועט נור „דאן קלאפען גרינג און פריי, ווען עס וועט ניט זיין קיין איינציגער „פראנצויז, וואס זאל רעכענען מיך פאר שולדיג אין א פערברעכען, וואס איין אנדערער האט געטהון."

N. N.

---

## נ ד ב ו ת:

פיר די בריסקער נשרפים: אויס אורוטשי פון ה' אלי' בירינבערג 1 רו"כ, ה' שבתי בירגער און פסח זילבערבראנד צו 50 קאפ. פרוי חנה פעל 30 קאפ., ה' משה זילבערבראנד 25 קאפ., ה"ה ליב פוטער, בוניע קרייזמאן, יעקב-ליב קאפער צו 15 קאפ., ה"ה דוב קאמעניעצקי, אייזיק ראזענשטיין, צבי דארפמאן, נח פעלדמאן, אפרים ווייסבלאט, נחום בארינהאלץ און נאך איינינע מענשען יעדער צו 10 קאפ., ה' זאב גרוזמאן 5 קאפ. צוזאמען 5 רו"כ.

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Krakau.

# נ ד ב ו ת:

## פ י ר  ד י  ה ו נ ג ע ר י נ ע  א י ן  ב ע ס ע ר א ב י ע ן:

אוים קאראטש (קורסקער גוב.) דורך די ה"ה שו"ב א. זעלניקאוו און א. דווארקין:

ה' הייקין 1 רו"כ; ה"ה ליב ראסקין, א. דווארקין, מרדכי שקאל־ניק, אהרן העססען, מרת מאסיע צעלניקאוו, מ' אסתר ג. ראזענבוים, מ' צירל שאפיר — צו 50 קאפ.; ה' זלמן שקייראוו 45 קאפ.; ה' קאצער־נעלבאגען, פריילין שרה שמושקאוויץ און פריילין חיי פריידע דאלגין — צו 25 קאפ.; פרל ארלאוו — 30 קאפ.; מרת וויינשילבליט 20 קאפ.; נדבות קטנות — 20 קאפ. ס"ה, נאך אבצוג פארטא, 6.25 רו"כ.

---

## בריעפקאסטען דער אדמיניסטראציאן.

ה' לערנער יעדינעץ: א) דעם קונטרס האבען מיר אייך ארויסגעשיקט. ב) די ספרים „פניני שד"ל" און „מלאכות פילון" פעהלען אונז לע"ע. ג) „דער יוד" ווערט פינקטליך צושיקט יעדע וואך. און — אויף דער פיערטע קשיא איז דא דער בעוואוסטע תירוץ פון דער הגדה.

ארבייטער-ביבליאטעק — אלעקסאנדעראווסק: מיר האבען אייך ארויס־געשיקט די בלעטער פון 1 אפריל אן; דען 1 אויגוסט האט איהר צוצושיקען נאך 2 ר"כ ביז ענדע יאהר.

ה' זאווידאוויץ — מאקאראוו: די „וועלטגעשיכטע" יעבען מיר נישט, ווי איהר מיינט, אלס „תשורה", לגמרי אהן געלד, דען דאס וואלט אונז צו טייער געקאסט, נאר מיר גיעבען די אבאנענטען פון „יור" 4 בענדער פיר 1 ר"כ (מיט פארטא 1 50).

ה' גאלדבערג-ליבוי: מיר פערשטעהען נישט גענוי וועלכעס ליעד אייך פעהלט, שרייט דייטליך. — „Die Welt" קאסט 7 ר"ב יעהרליך. — דרייפוסעס בוך האבען מיר נישט.

ה' שייגמאן-קאזלאוו: די נו' 1 פעהלט

ה' שטיין-נא ואסעליץ: געבונדען וועט אייך קאסטען 2.80 מיט פארטא אונגעבונ ען — 2 30. איין קאטאלאג שיקען מיר אייך. —

ה' ריווין-אסיפאוויצי: דאס בילד האט אונז פערפעהלט.

ה' אייזענשטאדט-קרעמענצוג: דער גאנצער יאהרגאנג וועט אייך קאסטען 4.50 ר' מיט פארטא. —

מ' קיילע פ—צאריצין: די געשיכטע אויף „עברי-דייטש" — קאנט איהר בײַ אונז קריגען, נאר „צי וועט דאס אייך זיין אינטערעסנע צו לייענען" — דאס קענען מיר אייך ניט זאגען. געוויינליך צו „צאינה וראינה" קומט דאס ניט.

ה' ש. ביכאווסקי-אונעצי: די נומערן ויינען דא; עס קאסט 15 ק' א נומר.

ה' מענדעלצווייג-לוקאוו: מיר האבען אייך די נומערן 18 17 16 זיכער געשיקט און 2 מאהל קענען מיר נישט שיקען.

איבריגענס אויב ה' לאטער"מ, ווי איהר שרייבט, האט געקריגען אייערע נומערן — פאר וואס זאל ער אייך ניט אבגעבען?

ה' פעלדמאן פעטעראוורעאווקא: די נומערן פון 1899 יאהר וועלען אייך קאסטען 3.50 ר"כ.

ה' ישראל ק-צן אין ווישנ-ץ: „איין סך אדרעסען" שרייבען מיר טאקע פונדעסטוועגען אוואו מען קויפט „רעוואלווערען" ווייסען מיר ניבט.

ה' בונם זילבערק"ל, אין ט-ף: מיר דאנקען אייך זעהר פאר אייערע „קאמפלימענטען": מיר סטארען זיך טאקי אימער און אימער דאס בלאט צו פערבעסערען.

---